Der Veker

שיקט אַריין אייערע באַגריסונגען פאַרן „לעיבאָר דעי״־נומער „דער וועקער״

דער DER WECKER

# וועקער

צוויי חדשים־שריפט פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

Vol. LIX, No. 1203, July-August 1980 — נומ׳ 1203, יולי־אויגוסט 1980

## אינהאַלט



**שמואל ווייס**

# די וואַל־קאַמפּאַניע 1980

די וואַל־קאַמפּאַניע פאַר פּרעזידענט און קאָנגרעס, ווי זי צעוואַרעמט זיך מיט דער היץ פונעם זומער, שטייט אין שאָטן פון וואַקסנדיקע אומרועס אינעם לאַנד. די ראַיאָטן אין מיאַמי, פלאָרידע, אויב זיי זיינען ניט בלויז אַ לאָקאַלע און אַן איינמאָליקע דערשיינונג, וואָלטן געדאַרפט באַווירקן די קאַמפּאַניע. ליידער האָבן אָבער די הויפּט־קאַנדידאַטן דערוויילן ניט אויפגענומען די פּראָבלעמען הינטער אָט די ראַיאָטן און ניט אַרויסגעבראַכט קיין שום קאָנקרעטע פּלענער וועלכע זאָלן געבן דער ווילערשאַפט די האָפענונג, אַז מיטן ענדערן פון דער אָנפירונג אין וואַשינגטאָן וועט אויך קומען אַן ענדערונג צום בעסערן אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פונעם לאַנד. זיינען דאָך די ראַיאָטן אין מיאַמי דער עיקר אַ רעזולטאַט פון דעם געדריקטן עקאָנאָמישן צושטאַנד אין די נעגערשע געמיינדעס.

ווען איר נעמט אַוועק דעם אומשטאַנד פון דער בהלהעמיגראַציע פונעם קאָמוניסטישן קובאַ, ווען איבער הונדערט טויזנט מענער און פרויען האָבן אין משך פון צוויי־דריי וואָכן געלאַנדעט אויף די ים־ברעגן פון מיאַמי און דעם צופלוס פון אימיגראַנטן פון האַיטי, וועלכע האָט בלי־ספק אָנגעהיצט דעם ראַסן־אַנטאַגאָניזם אין דעם געגנט, בלייבט אַלץ די הויפּט־סיבה די גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט, ספּעציעל פון דער נעגערשער יוגנט.

ציפערן פונעם אָפיציעלן אַרבעטס־אַמט ווייזן אַז די אַרבעטסלאָזיקייט אין מיאַמי איז 23 פּראָצענט, אין פאַרגלייך מיט 9 פּראָצענט איבערן גאַנצן לאַנד. אַרבעטסלאָזיקייט צווישן דער נעגערשער יוגנט ווערט געשאַצט צווישן 35 פּראָצענט, לויט די ציפערן פון דער „אורבאַן ליג״ און 53 פּראָצענט לויט אַנדערע קוואַלן. עס איז אַן אַלטער כלל, אַז ווען אַרבעטס־מעגלעכקייטן זיינען פאַרקלענערט, ווען עס ווערט אַ דוחק אין אַרבעטס־פּלעצער, מיינט דער שוואַרצער אַז דער ווייסער האָט ביי אים צוגענומען זיין דזשאָב.

דער טרויעריקער אינצידענט וואָס אַ דזשורי פון 6 ווייסע האָט באַפרייט 4 פּאָליציי־באַאַמטע, וועלכע זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין ברוטאַל דערמאָרדן אַ שוואַרצן פאַרזיכערונגס־אַגענט, איז בלויז געווען דער פונק, וואָס האָט צעפלאַקערט דאָס פייער פון ראַסן־שנאה אין אַ קאַונטי פון אַנדערהאַלבן מיליאָן איינוואוינער, מיט אַ מערהייט נעגער, און קאָנצענטרירט אין אַ געגנט וואָס הייסט איראָניש „ליבערטי־סיטי״ (פרייהייט־שטאָט). פּונקט ווי אין 1965 אינעם וואַטס־געגנט אין היגן לאָס־אַנדזשעלעס, זיינען אין מיאַמי אין איין נאַכט פאַרברענט געוואָרן צענדליקער הייזער, צעראַבירט געוואָרן הונדערטער געשעפטן און פאַרוואַנדלט דעם גאַנצן געגנט אין אַ חורבה.

אַוודאי האָט דער אויגן־אויפרייסנדיקער אונטערשייד אין דער באַציאונג פון דער אַדמיניסטראַציע אין וואַשינגטאָן צו די אימיגראַנטן פון קובאַ און צו די אימיגראַנטן פון האַיטי ביי־געטראָגן צו פאַרשאַרפן דעם ראַסן־אַנטאַגאָניזם, הגם דער אויסרייד איז געווען, אַז די אימיגראַנטן פון קובאַ ווערן באַ־

טראַכט ווי פּאָליטישע פּליטים, בעת די ניי־געקומענע פון האַיטי אַנטלויפן פון עקאָנאָמישער אָרימקייט. אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשייד איז דער־אָ אָפיציעלער טערמין פאַר מענטשן וואָס זוכן אַ נייע היים און אַ בעסער לעבן?

(טשיקאַווע: די יידישע מאַסן־עמיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע, מיט הונדערט יאָר צוריק, האָט געהאַט ביידע עלעמענטן: פּאָליטישע פאַרפאָלגונג און עקאָנאָמישע נויט, אָבער צרות האָבן דאָך אַלע געליטן גלייך).

## וועלכע פּלענער האָבן די קאַנדידאַטן פאַרן פּרעזידענט־אַמט אין דער איצטיקער וואַל־קאַמפּאַניע?

אין די נאָמינאַציע־וואַלן (פּריימעריס), וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אין פעברואַר און האָבן זיך קוים פאַרענדיקט אין יוני, האָבן מיר ווייניק וואָס געהערט פון פּלענער אָפּצושטעלן דעם וואוקס פון אַרבעטסלאָזיקייט און אינפלאַציע אין לאַנד.

פּרעזידענט קאַרטער איז אַרויסגעקומען מיט אַ רוף צו באַלאַנסירן דעם מלוכה־בודזשעט, אָבער דאָס קען דאָך פירן צו דעם וואָס די בודזשעטן אין מיליאָנען היימען פון דער אָרעמער באַפעלקערונג וועלן ווערן נאָך מער אומבאַלאַנסירט. אויב די אַדמיניסטראַציע אין וואַשינגטאָן וועט, ווי מיר הערן, פאַרקלענערן די הוצאות פאַר סאָציאַלער הילף אויף צו דעקן דעם נאַציאָנאַלן בודזשעט, וועט עס קנאַפּ וואָס העלפן לייזן די פּראָבלעמען מיט וועלכע עס ראַנגלט זיך כמעט אַ דריטל פון אונדזער אָרעמער באַפעלקערונג, וואָס שטייט נאָך אַלץ אויף דעם נידעריקסטן שטאַפּל פון דער עקאָנאָמישער לייטער.

סענאַטאָר עדואַרד קענעדי, דער צווייטער אַספּיראַנט פאַרן פּרעזידענט־אַמט איז, לויט אונדזער מיינונג, אַרויסגעקומען מיט אַ מער אויסגעהאַלטענעם פּלאַן, אין אַ רעדע ביי דער לעצטנס אָפּגעהאַלטענער קאָנווענשאָן פון דער יוניאָן פון מלוכה־אָנגעשטעלטע אין אונדזער שכנותדיקן אַנאַהיים. דער סענאַטאָר פון מאַסאַטשוזעטס האָט פאָרגעשלאָגן צו אַסיגנירן 12 ביליאָן דאָלער פאַר אַ פּראָגראַם איבערצובויען אונדזער ווירטשאַפט, וואָס אויב ער וועט אָנגענומען ווערן וועט עס לכל הפּחות שטאַרקן די האָפענונג אין אונדזער מדינה אַרויסצוקריכן פון דעם איצטיקן געדריקן צושטאַנד אין דער ווירטשאַפט.

פון די 12 ביליאָן דאָלער, דערקלערט מר. קענעדי, וואָלטן געדאַרפט אויסגעגעבן ווערן דריי ביליאָן פאַר עקאָנאָמישער הילף צו די שטעט פאַר אַזעלכע אונטערנעמונגען פון עפנטלעכן נוצן ווי בויען שולן, ביבליאָטעקן, פאַריכטן די וועגן, באַדינען די פּאַרקן און אַנדערע געמיינדע־פּלענער. צוויי ביליאָן דאָלער זאָלן אויסגעגעבן ווערן אויף צו פאַרקלענערן דעם פאַרברויך פון ענערגיע ביים באַהייצן היימען און עפנטלעכע געביידעס. איין ביליאָן דאָלער זאָל פאַרוועדט ווערן צו מילדערן די ריסעסיע אין די שטעט. איין ביליאָן דאָלער אויף צו בויען און רעהאַביליטירן וואוינונג־הייזער פאַר משפּחות מיט נידעריקע אייננאַמען. אַ ביליאָן מיט זיבן הונדערט טויזנט דאָלער פאַר פעדעראַלער הילף צו די שטעט, אַ סומע וואָס די קאַרטער־אַדמיניסטראַציע האָט געשניטן אין די אַנטי־אינפלאַציע־פּראָגראַמען. איין ביליאָן דאָלער פאַר דער פאַרבעסערונג פון אייזנבאַן־טראַנספּאָרטאַציע. אַ ביליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט דאָלער זאָל אויסגעגעבן ווערן פאַר דער פאַך־אויסבילדונג פון דער יוגנט, וואָס איז באַזונדערס נויטיק פאַר דער נעגערשער יוגנט, וועלכע איז אַרבעטסלאָז מחמת די מייסטע יוגנטלעכע קענען ניט קיין שום פאַכן. און ניין הונדערט טויזנט מיליאָן דאָלער אויף צו פאַרלענגערן דעם טערמין פון אַרבעטסלאָזן פאַרזיכערונגס־בענעפיט. דאַכט זיך, אַ גאַנץ פיינער פּראָגראַם.

ליידער האָט סענאַטאָר קענעדי ווייניק שאַנסן נאָמינירט צו ווערן אַלס דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין די היי־יאָריקע וואַלן, מחמת פּרעזידענט קאַרטער קומט צו דער פּאַרטיי־קאָנווענשאָן אין אויגוסט מיט אַ גענוג גרויסער צאָל דעלעגאַטן וואָס זיינען פאַרפליכטעט פאַר אים צו שטימען. סיידן עס וועט פאָרקומען אַן איבערקערעניש אויף דער קאָנווענשאָן און אַ מערהייט דעלעגאַטן וועט שטימען בטל צו מאַכן די „רולס" פון אַ פריערדיקן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר.

## וואָס איז מכוח דעם רעפּובליקאַנישן קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט?

דער רעפּובליקאַנישער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט וועט זיין ראָנאַלד ריגען, דער געוועזענער גאָווערנאָר פון קאַליפאָרניע. ריגען האָט געהאַט זייער שוואַכע אָפּאָנענטן אין דעם נאָמינאַציע־קאַמפּיין, אַזוי אַז ער איז אַרויס אַלס דער איינציקער קאַנדידאַט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי.

ראָנאַלד ריגען איז אַ פּאָליטישער צווילינג־ברודער פון דעם רעפּובליקאַנער פּרעזידענט־קאַנדידאַט אין 1968, באַרי גאָלדוואָטער. אָבער בעת דער סענאַטאָר פון אַריזאָנאַ איז אַן ערלעכער רעאַקציאָנער וואָס האָט געזאָגט וואָס ער האָט געמיינט, אַפילו ווען דאָס האָט אַנטאַגאָניזירט אַ טייל פון זיינע וויילער, איז ריגען אַ גליטשיקער פּאָליטישען וואָס פאַרשטייט ווי אַזוי צו באַהאַלטן זיינע מיינונגען כדי צו געווינען וואָס מער אָנהענגער.

ווי אַ געוועזענער אַקטיאָר קען ער אויסשפּילן זיינע ראָלן אויף יעדער בינע, שפּילן פאַרשיידענע כאַראַקטערן לויט דעם עולם צו וועלכן ער רעדט. ס'איז דעריבער פאַראַן אַ גרעסערע געפאַר ווי אין 1968, אַז דער רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט וועט מיט דער הילף פון די מולטי־מיליאָנען דאָלער וואָס קאַפּיטאַל איז גרייט אויסצוגעבן אין דעם וואַל־קאַמפּיין, דערוויילט ווערן אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן

אינעם משך פון דעם קאַמפּיין האָט מר. ריגען אַרויסגעשטאַמלט עטלעכע געדאַנקען: ער האַלט, אַז די יוניאָנס זיינען צו שטאַרק אין אַמעריקע, אַ לידל וואָס מען הערט אָפט פון „אָפּען־שאַפּ" אונטערנעמער, מען דאַרף זיי דעריבער שטעלן אונטער די אַנטי־טראָסט געזעצן, כדי צו צוימען זייערע אַפּעטיטן. ער איז קעגן דעם מינימום־שכירות געזעץ, וועלכער גיט אַ מעגלעכקייט די מייסטנס עקספּלואַטירטע אַרבעטער, ניט־יוניאָן מיטגלידער, צו פאַרדינען אַ מינימום־לוין. ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּרואוו פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און אַ מערהייט אין קאָנגרעס צו רעפאָרמירן דעם אַרבעטער־געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין דער „ניו־דיל" תקופה, אַרויפלייגן שטראָפן אויף פירמעס וועלכע פאַרלעצן דורך פאַרשיידענע לעגאַליסטישע דריידלעך אָט דעם אַרבעטער־שוץ געזעץ. די פאָרגעשלאָגענע רעפאָרמען זיינען געווען ספּעציעל געצילט קעגן דער שטיין־רייכער סטייווענס טעקסטיל פירמע, קעגן וועלכער די פאַראייניקטע טעקסטיל און אַמאַלגאַמעיטעד יוניאָן פירט אַ לאַנגן און ביטערן סטרייק. אויף צו לייזן די פּראָבלעמען פון אינפלאַציע האָט מר. ריגען אַ פּשוטן מיטל: פאַרקלענערן די שטייערן, דער עיקר אויף רייכע קאָרפּאָראַציעס און יחידים. אגב האָט פּרעזידענט קאַרטער שוין אויסגעפּרוּווט דעם־אָ מיטל ווען ער האָט אינגאַנצן אַרונטערגענומען דעם מלוכה־קאָנטראָל פון די גרויסע אויל־פירמעס. אויף אָפּצושטעלן דעם וואוקס פון פאַרברעכנס האָט ער אַ מיטל אַרויפצולייגן אין פאָרויס אַ שווערע שטראָף אויף יעדן, וואָס באַנוצט אַ שיס־וואָפן אין דער אויספירונג פון אַ פאַרברעכן. מר. ריגען איז פאַר טויט־שטראָף. אינעם געביט פון באַציאונגען מיט אַנדערע לענדער איז ער קעגן דעם אַנטוואָפענונג־אָפּמאַך מיט סאָוועט־רוסלאַנד. ער איז קעגן דעם פּאַנאַמאַ־קאַנאַל אָפּמאַך.

אין די וואַלן פון נאָוועמבער, 1980, וועלן מיר, ווי עס זעט אויס היינט, ווען דאָס ווערט געשריבן, ליידער האָבן אַ זייער באַגרענעצטן אויסוואַל: צווישן נאָך פיר יאָר מיט פּרעזידענט קאַרטער און דעם אויסגעשפּראָכענעם רעאַקציאָנער און יוניאָן־שונא ראָנאַלד ריגען.

DER WECKER

Published Bi-monthly — January-February, March-April, May-June, July-August, September-October, November-December, by the Jewish Socialist Verband.

Office of publisher — 45 East 33rd St., New York, N. Y. 10016. Tel. 686 - 1536.

Subscription rate $7.00 a year. Single copy — 85 c.
Reentered as second class matter April 13, 1978, under the act of August 12, 1970.

96



שלמה בן־ישראל

# די נאָכווייעניש פון אַן אָפּמאַך

די פאַרהאַנדלונגען פון די קעמפּ־דעיוויד אָפּמאַכן, באַזונדערס פון דער אויטאָנאָמיע־איינשטעלונג, גייען צו שווער. „יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק" רייסט מען איבער די פאַרהאַנדלונגען און יעדער צד באַשולדיקט דעם צווייטן אין לייגן שטיינער אין וועג. צומאָל לויטן די באַשולדיקונגען אַז דער קעגנערישער צד שאַפט די שטערונג מיט אַ כיוון כדי צו שטרויכלען דעם גאַנצן משא ומתן.

ווען מיר ריידן דאָ פון די צדדים האָבן מיר אין זינען נאָר ישראל און עגיפּטן. דער דריטער צד, די פאַראייניקטע שטאַטן, איז דאָ נאָר אַ פאַרמיטלער; ווען אָט דער פאַרמיטלער וואָלט געקענט דורכפירן די פונקציע פון אַ רש"י, און די צוויי צדדים וואָלטן מלכתחילה צוגעשטימט אָנצונעמען זיין פּירוש פון די קעמפּ דעיוויד אָפּמאַכן אַלס אַנטגילטיקן — וואָלט דער 26־טער מאַי נישט פאַרצייכנט געוואָרן אין לוח אַלס אַ דורכפאַל.

די אַראַבישע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין מיט דער הילף פון די אויל־הונגעריקע לענדער, איינשליסנדיק אייראָפּע, און די אַראַביסטן אין אונדזער אייגענעם סטעיט דעפּאַרטמענט, טוען אַלצדינג אַרויסצושטעלן ישראל אַלס די שולדיקע אין אַלע צרות. יעדער איינער וואָס קען נאָר „אַריינרוקן אַ פּלאָקן" אין די רעדער פון קעמפּ דעיוויד וואָגן, טוט עס. אַפילו כלומרשטע פריינד פון ישראל, קאַמעראַדן אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ווי ברונאָ קרייסקי און ווילי בראַנדט, חנדלען זיך צו יאַסיר אַראַפאַטן. אַמעריקעס „נאַטאָ"־שותּפים טוען אַלץ וואָס מעגלעך אונטערצוגראָבן דעם קעמפּ דעיוויד פּראָצעס כדי אַרויסצורייסן די מיטל־מזרח שלום־איניציאַטיווע פון אַמעריקעס הענט — און ישראל איז דער קרבן. די פּראָ־אַראַבישע גיפטיקע פיילן ווערן געצילט אין איר קערפּער ביי יעדן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענקום, סיי אין דער יו־ען און אירע קערפּערשאַפטן, סיי אין די ראַמען פון סאָציאַליסטישער ברודערשאַפט אָדער פון קאָמאָן־מאַרקעט אינטערעסן.

ישראלס באַשטיין אויף איר רעכט צו גרינדן ישובים אין די שטחים פון עזה, יהודה און שומרון, וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער פּאַלעסטינער אויטאָנאָמישער געגנט, איז באַטראַכט געוואָרן אַלס פּרעמיער בעגינס גרעסטע שטערונג צום שלום און ממילא אַלס זיין גרעסטע זינד. עס האָבן זיך אַפילו געפונען יידן וואָס האָבן אונטערגעשריבן אַן אָפענעם אַפּיל צו בעגינען ער זאָל אויפגעבן די פאָדערונג אויף דער קאָלאָניזאַציע.

פּאַקטיש איז פּרעמיער בעגין קיין איין מאָל נישט אַרויסגעטראָטן פון די אָנגעצייכנטע ראַמען פון קעמפּ דעיוויד אָפּמאַך. ווען פּרעזידענט סאַדאַט און פּרעמיער בעגין זיינען זיך צונויפגעקומען אין קעמפּ דעיוויד, האָט יעדער פון זיי זיך געהאַלטן ביי די פּרינציפּן און שטעלונגען ווי זיי האָבן זיי אויסגעדריקט עפנטלעך. נאָך ביי סאַדאַטס באַזוך אין דער כנסת האָבן מיר געהערט פון אים און פון בעגינען וואו זיי שטייען. זייערע פּרינציפּן זיינען פאַרקערפּערט געוואָרן אין די פּאַראַגראַפן פון דעם קעמפּ דעיוויד אָפּמאַך. די שוועריקייטן אַנטשטייען ערשט דעמאָלט, ווען די פּרינציפּן דאַרפן צעשפּליטערט ווערן אין פּראַקטישע איינצלהייטן.

לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל די פראַגע פון אויטאָנאָמיע. בעגין האָט עס פאָרגעשלאָגן צו געבן די איינוואוינער פון די שטחים פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע. זיי דאַרפן אַליין אויסקלייבן אַ פאַרוואַלטונגס־ראַט וואָס זאָל אָנפירן מיט דער אויטאָנאָמיע. איצט קומט מען צו תכלית: סאַדאַט וויל דער ראַט זאָל באַשטיין פון 110 מיטגלידער. בעגין איז קעגן מער פון אַ טוץ מיטגלידער, ווייל 110 נעמט שוין אויסזען ווי אַ פּאַרלאַמענט. „דאָס מיין איך טאַקע", טענהט סאַדאַט, ווייל לויטן אָפּמאַך קענען די פּאַלעסטינער, 5 יאָר שפּעטער, באַשטימען זייער צוקונפט און דאָס קען מעגלעך זיין אַ מדינה. „ניין" — טענהט בעגין — „איך האָב קיינמאָל נישט גערעדט פון אַ מדינה. פולע אויטאָנאָמיע מיינט פאַרוואַלטן מיט די נויטיקע פונקציעס, מוניציפּאַלע, עטנישע, קולטורעלע, דערציערישע אָבער נישט קיין פּאָליטישע". פאַרוואַלטן מיינט נישט רעגירן.

דאָסגלייכן זיינען געבליבן פאַרנעפּלט די יאָדערן פון די פּרינציפּן פון ישראלס רעכט אָנצוהאַלטן די זיכערקייט אין די טעריטאָריעס פון דער אויטאָנאָמער געגנט, אַפילו שוץ־באַזעס, וואו זיי צו גרינדן, פון וואָס זיי דאַרפן באַשטיין, צי אויסשליסלעך פון מיליטערישע קעמפּס אָדער אויך פון ציווילע ישובים. אַז ישראל האָט די רעכט צו גרינדן ציווילע ישובים — וועגן דעם איז גאָר קיין ספק נישט געווען. ביז היינט האָבן מיר נישט געהערט פון עגיפּטן אַ פּראָטעסט קעגן דעם רעכט פון ישראל זיך צו באַזעצן אין די שטחים. מיר הערן פּראָטעסטן קעגן פאַרכאַפּן באָדנס וואָס געהערן צו אַראַבער, מיר הערן פּראָטעסטן קעגן סעקוועסטרירן אַראַבישן באָדן מיטן אויסרייד פון זיכערקייט־נויטן — אָבער נישט קיין פּראָטעסט קעגן דעם פּרינציפּ פון יידישער אָנוועזנהייט אין די שטחים. דאָס גלייכן האָט בעגין קלאָר און פּינקטלעך אויפגעקלערט ישראלס שטעלונג וועגן ירושלים.

ביי איינעם פון זיינע אַרויסטרעטן האָט פּרעמיער בעגין ציטירט פּרעזידענט קאַרטערס דערקלערונג פון 27־טן סעפּטעמבער 1978 אַז ער שטימט איין מיט ישראלס רעכט אויף ווייטערדיקע באַזידלונגען אויף דעם מערב־ברעג. דער פּרעזידענט האָט זיך אויסגעדריקט אַז די ישראלים רעדן נישט פון אַ „ריזיקער אויסשפּרייטונג" פון צענדליקער טויזנטער מענטשן, נאָר פון אויסברייטערן קליינע ישובים. „אויב מיר זאָלן פולשטענדיק איינפרירן די קליינע ישובים, וועלן משפּחות נישט קענען פאַראייניקט ווערן", האָט דער פּרעזידענט געזאָגט אין ענטפער אויף אַ רעפּאָרטערס פראַגע. דערביי האָט ער צוגעגעבן אַז „אין דעם קעמפּ־דעיוויד אָפּמאַך האָבן מיר אַריינגעשריבן אַז דער סטאַטוס פון די צוקונפטיקע ישובים וועט באַשלאָסן ווערן דורך די פאַרהאַנדלונגען".

פאַרהאַנדלט מען טאַקע און מען קעמפט; מען קען נישט קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג — אָבער דאָס מיינט נישט אַז ישראל האָט נישט קיין רעכט אויף די ישובים. און פּרעמיער בעגין איז ענדלעך אַרויסגעקומען מיט אַן אָנבאָט צו גרינדן נאָך צען ישובים. איז עס געווען אַ פּשרה־אָנבאָט אין איינקלאַנג מיט דעם אָפּמאַך אין גאַנג פון די פאַרהאַנדלונגען.

אויך די פראַגע וועגן דעם מהות פון דער אויטאָנאָמיע דאַרף געלייזט ווערן דורך פרידלעכער פאַרשטענדיקונג אין גייסט פון קעמפּ דעיוויד אָפּמאַך; יעדער צד איז טאַקע צוגעטראָטן צום אָפּמאַך מיט זיין אייגענער אויפפאַסונג, אָבער מיט דער צושטימונג צו זיין גרייט אויף פּשרות דורך פאַרהאַנדלונגען.

דאָ ווילן מיר זיך צוריקקערן צו די שונאים פון ישראל, וואָס באַשולדיקן זי אין „פאַרלעצונגען פון דער קעמפּ דעיוויד פאַרשטענדיקונג" צווישן זיי, ווי מיר האָבן עס פריער דערמאָנט, די אַראַביסטן אין סטעיט דעפּאַרטמענט. די אָפיציעלע פּאָליטיק פון סטעיט דעפּאַרטמענט אין באַצוג צו דער פּ.ל.אָ. מיט יאַסיר אַראַפאַטן אין דער שפּיץ, איז ניט צו פאַרהאַנדלען מיט איר כל זמן די פּ.ל.אָ. אַנערקענט נישט די רעזאָלוציע 242, עס מיינט אַנערקענט נישט ישראלס רעכט צו עקסיסטענץ. פּרעזידענט קאַר־

חיים פּלאָטקין

## ד י ק ר ו י ן

פון ציקל: „פון מיין גאָרטן"

אויפן טשוב פון בוים
ס'בערגעלע שניי —
אַ ווייסע קרוין
מיט זון־בליאַסקע
ביזן זוים

פון די צווייגן־הענט
מיט דאַרע פינגער
פון פראָסט פאַרקלעמט
די אייז־ליכטלעך
מיין גאָרטן באַצירן
מיטן שימער
פון שטראַלן צעקעמט.

מאיר שטיקער

## דריי קליינע לידער

1

ווידער די לבנה,
די שטערן — ווידער,
אַזוי ווי אין אַלטע
פאַרוואָרלאָזטע לידער.

אַזוי ווי ביי פרוגן
און ראָזענפעלדן
אַזוי איז דער הימל —
מיט רעספּעקט צו מעלדן.

דאָס טייכל פּרעפּלט
אַ גמרא ניגון.
ווי צו שמונה עשרה
די ביימער זיך וויגן.

מיט מקוה־וואַסער
טריפן די אותיות,
דער וויי איז בלאַסער
ווי דאָס ווייס פון אַן איי איז.

די זשאַבעס קוואַקען,
די זשוקעס זשומען —
און דיכטער באַלאַבען
אַן דריי גראָשן מזומן.

2

איך ווייס ניט וואָס דער אונטערשייד איז
פון מיר און מיינע ביידע זיידעס.
די זעלבע טונקל־ברוינע אויגן,
די זעלבע נאָז, אַ ביסל אויסגעבויגן.
די זעלבע פלייצע און דער זעלבער שטערן,
די זעלבע ליפּן — פול ווי מאַנדלקערן.
איך טאַפּטשע אין די זעלבע בלאָטעס
פון ליבשאַפטן און חרטה׳ס,
און ווי זיי — אין אַקעוויט,
בין איך פאַרליבט אין אַ יידיש־ליד.

3

וואַן־גאָג איז ניט געווען שאַגאַל,
אַזוי ווי שאַגאַל איז ניט וואַן־גאָג.
נאָר ביידע האָבן געזוכט די מאָס און וואָג
אין דער פינצטערניש, ביז זיי האָבן געפונען
אַ שטראַל נאָך אַ שטראַל.
גאָט אַליין האָט זיי דערלאַנגט די זון
אין האַרץ פון אַ געאָדערטער טאַץ,
און שפּעטער ווען די טאַץ האָט געפּלאַצט
האָבן זיי געוואָרפן נדבות נגידיש־ברייט:
גאָלדענע רענדלעך אין דער אייביקייט.

מ. אַליצקי

## צו אַ יונגער מאַמען

אין וואָס וועסטו די ליבשאַפט צו דיין קינד אַריינטאָן,
יונגע מאַמע ?

ניט אין דער חלה.
דו וועסט די מעל אין דייזשע ניט פאַרקנעטן
מיט טאַנצנדיקע פינגער.
ביי נאַכט ניט הערן מיט אַ פרייד
ווי ברכהדיק
עס וואַקסט און וואַקסט דאָס טייג,
פאַרדעקט מיט פינצטערניש
און מיט אַ קישן.
דעם אויוון וועסטו אויך ניט מאַכן,
צו זען, אַז די קיילעכדיקע, ברוינע
בערגלעך חלה,
זיינען די פּוכקע בעקעלעך
פון קינד.
דו וועסט, אַ גליקלעכע, ניט אונטערטראָגן דעם
אַ רעפטעלע
פון מאַמעס אָנגעהאָרעוועטער
ליבשאַפט.

ניט אינעם קליידעלע.
דו וועסט ניט איבער זיבן קראָמען גיין,
די סחורה קריגן,
וואָס פּאַסט זיך צו די פרישע, יונגע
אייגעלעך.
ניט שניידן מיט אַ ציטעריקער שער,
עס זאָל, חלילה, ניט אַרויסקומען צו ענג
דאָס קעלנערל,
צו לאַנג דאָס סטענדל.
דו וועסט דאָס קליידעלע ניט וואַשן
מיט בלאָווס
פון דעם קאַיאָר.

יונגע מאַמע,
אין וואָס וועסטו די ליבשאַפט צו דיין קינד אַריינטאָן ?

טער און סעקרעטערי מאַסקי האָבן אַן איבעריקן מאָל אויסגע־דריקט די „פּאָליסי“ די וואָך, פאַר קעניג כוסעינס באַזוך אין וואַשינגטאָן.

מיר האָבן אָבער געזען ווי אַזוי ענדריו יאָנג האָט, אַלס יו־ען אַמבאַסאַדאָר פאַרלעצט די „פּאָליסי“. מיט זיין אַוועקגיין פון דעם אַמט האָט זיך די לאַגע נישט געענדערט. דער סטעיט דעפּאַרטמענט שפּילט אַ צווייפּאַכיקע, בעסער געזאָגט אַ צוויי־פּנימיקע פּאָליטיק, אין שייכות צו דער פּ.ל.אָ.; קאָנגרעסמאַן לעסטער וואולף, דעמאָקראַט פון ניו־יאָרק, איז אַרויסגעקומען מיט אַזאַ באַשולדיקונג נאָך דעם ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט פון אַ באַזוך אין ישראל. ער האָט בייגעוואוינט אַ סצענע ווען דער אַמעריקאַנער וויצע־קאָנסול אין ירושלים האָט ביי דער אויפ־נאָמע פון דער גרופּע קאָנגרעסלייט קריטיקירט די ישראלדיקע ישובים אין די שטחים און דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר סעמיועל לואיס האָט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרריכטן זיינע רייד, אָנווייזן ווי עס איז די אמתע פּאָליסי פון אַמעריקע אין דער פראַגע. קאָנגרעסמאַן וואולף, און די אַנדערע וואָס זיינען געקומען מיט אים, האָבן געפונען דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין ירושלים אַ שלאַנגען נעסט“, אָנגעזאַפּט מיט דעם פּ.ל.אָ.־גיפט. און אַט די „נעסט“ קאָרמעט עס פון ירושלים דעם סטעיט דעפּאַרטמענט מיט אינפאָרמאַציע, און דער אַמבאַסאַדאָר, וואָס דאַרף זיין איבערן קאָנסול, האָט נישט די מינדסטע שליטה, ווייל ירושלים ווערט נאָך אַלץ נישט אַנערקענט פון וואַשינגטאָן אַלס אַ לעגיטימער טייל פון ישראל, און דער קאָנסולאַט אין ירו־שלים איז אַ מלוכה פאַר זיך און „פּראַוועט שבת“ פאַר זיך און שטייט אין ענגן קאָנטאַקט מיט די עקסטרעמיסטישע עלע־מענטן אין די שטחים. און די מעיאָרס פון נאַבלוס, חברון, דזשענין צי טול־קאַרעם אָדער עזה — ווען זיי ווערן געקעכלט, געערט און געהעצט פון אָפיציעלע אַמעריקאַנער פאָרשטייער — ווי קען מען דערוואַרטן זיי זאָלן וועלן קאָאָפּערירן מיט אַ ראָ־בערט סטראַוס אָדער זיין נאָכפאָלגער סאָל לינאָוויץ, וואָס וויל זיי צוציען צו די פאַרהאַנדלונגען ?

אָט די צעצווייאונגס־האַנדלונג פון סטעיט דעפּאַרטמענט שפּילט ניט קיין קלענערע ראָלע אין די בייזע נאָכוויעניש פון קעמפּ דעיוויד אָפּמאַך ווי עס שפּילן די פּ.ל.אָ. און די אַלע אַנ־דערע וואָס שטיצן זי, ווייל זי שמעקט מיט אויל. עס ווערט קאַ־לעמוטנע אויפן האַרצן ביים אָנבליק פון דער האַנדלונג פון די סטעיט־דעפּאַרטמענט אַראַביסטן, ווען מען נעמט טראַכטן ווי שטאַרק זיי וועלן זיך ערשט צעבושעווען נאָך דינסטיק, דעם 4־טן נאָוועמבער 1980, נאָך די וואַלן...

## בקיצור...
### פון משה כרפּס

## יו־ען היפּאָקריטסטווע

עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל ווי מיר זעען דעם טרויעריקן ספּעקטאַקל פונעם זיכערקייט־ראַט פון דער יו־ען. דעם 5־טן יוני 1980 האָט דער ראַט נאָכאַמאָל באַוויזן ווי אַזוי עס אַרבעט דער פאַראייניקטער פראָנט פון די אַראַבישע און קאָמוניסטישע דיקטאַטאָרן צוזאַמען מיט אַלע עקסטרעמיסטן פון דער דריטער וועלט, קעגן דער דעמאָקראַטישער מדינת ישראל. דאָס מאָל האָבן די דעמאָקראַטישע לענדער מיט־געטאַנצט דעם שדים־טאַנץ און געשטימט פאַר דער אַנטי־ישראל רעזאָלוציע, פּשוט דערפאַר ווייל זייערע מיילער זיינען פאַרשטאָפּט מיט אויל און חנפענען זיך כסדר צום קעניג — דעם פּעטראָ־דאָלאַר.

דער זיכערקייט־ראַט ביי דער יו־ען האָט געשוויגן ווען די פּ. ל. אָ. האָט דורכגעפירט טעראָר־אַקטן קעגן אומשולדיקע מענטשן. ער האָט נישט פּראָטעסטירט אָדער אָנגענומען וועל־כע עס איז רעזאָלוציע קעגן דעם ברוטאַלן מאָרד פון זעקס ישיבה בחורים, וואָס האָבן פרייטיק צו נאַכטס מקבל שבת גע־ווען אין דער מערת המכפּלה אין חברון. די ישראל־רעגירונג און דאָס פאָלק אין ישראל האָבן פאַרדאַמט די פאַרברעכערס וואָס האָבן דורכגעפירט דעם אָנפאַל אויף די אַראַבישע מעיאָרס פון שכם און ראַמאַלאַ.

## פּ. ל. אָ. — אַל־פאַטאַ

די ליקווידאַציע פון מדינת ישראל איז דער ציל פון יאַסיר אַראַפאַט מיט דער פּ. ל. אָ. זיי דערקלערן דאָס כמעט ביי אַלע געלעגנהייטן. די אַל־פאַטאַ קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין דמשק, סיריע, די ערשטע טעג אין חודש יוני 1980, האָט ווידער באַשלאָסן — די פולשטענדיקע באַפרייאונג פון „פּאַ־לעסטינע“ און אַז ישראל האָט נישט קיין שום באַרעכטיקונג צו עקסיסטירן. נאָך מער — זיי ווילן, אַז אַלע יידן וואָס זיי־נען געקומען קיין ישראל נאָך 1917, זאָלן צוריקפאָרן אין די לענדער פון וואַנען זיי קומען. דאָס איז דאָך ממש אַ חוצפּה. אָבער די וועלט שווייגט.

## „קאָמאָן מאַרקעט“ קאָמוניקאַט

די מערב־לענדער האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קאָמוניקאַט פון דער שפּיצן־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 13־טן יוני 1980 אין ווענעציע, איטאַליע. אין דער דעקלאַראַציע ווערט געפאָדערט, אַז מען זאָל צולאָזן יאַסיר אַראַפאַטן מיט זיין טעראָר־אָרגאַניזאַציע צו די שלום־פאַרהאַנדלונגען. ישראל האָט מיט שאַרפע ווערטער אָפּגעוואָרפן די דעקלאַראַציע, זי פאַר־גליכן צו דעם מינכענער קאַפּיטולאַציע־אָפּמאַך מיט היטלערן אין 1938, ווייל דאָס מיינט פּשוט נאָכגעבן די אַראַבישע לענדער מיט זייערע קאָמוניסטישע שותפים צו שטערן דעם ישראל־עגיפּטישן שלום־אָפּמאַך.

## „אויטאָנאָמיע“

זינט דעם שלום־אָפּמאַך צווישן ישראל און עגיפּטן, וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן אין ווייסן הויז דעם 26סטן יוני 1979, איז די הויפּט־פּראָבלעם געוואָרן — „פּאַלעסטינער אויטאָנאָ־מיע“. מען דאַרף געדענקען, אַז אין דעם שלום־אָפּמאַך זיינען כמעט אַלע קאָמפּראָמיסן געמאַכט געוואָרן אויפן חשבון פון ישראל. מען האָט צוריקגעגעבן סיני, די אויל־קוואַלן און וויכ־טיקע מיליטערישע סטראַטעגישע פּונקטן. זינט דער אַנטשטיי־אונג פון דער מדינה, האָט ישראל געשטרעבט פאַר שלום.

עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען פון אַלע צדדים וועגן באַגריף פּאַלעסטינער אויטאָנאָמיע. עס איז אַ געוואַלדיקער חי־לוק צווישן קולטור־אויטאָנאָמיע מיט אַ באַגרענעצטער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, צו אַ מלוכה־אויטאָנאָמיע.

קודם כל וועגן די שטחים יהודה, שומרון און עזה. זאָל קלאָר זיין, אַז בלויז דאָס פאָלק אין ישראל וועט באַשטימען דעם גורל פון די שטחים. נישט מיר וואָס זיצן אין אַמעריקע. די קינדער פון ישראל האָבן בלוטיק באַצאָלט אין די דריי מל־חמות. אָבער עס מיינט נישט, אַז מען מוז איינשטימיק זיין מיט בעגינס רעגירונג, וואָס וויל אָנהאַלטן די ממשלה איבער דעם מערב־ברעג און שאַפן נייע ישובים, אין דער צייט ווען מען פירט ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען וועגן ענין.

וואָס איז מכוח דער שטעלונג פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי „מערך“ וועגן דעם ענין שטחים ? שמעון פּערעסעס מיינונג וועגן „טעריטאָריאַלע פּשרות“ איז אַז דער מערב־טייל פון ירדן, וואָס מיינט יהודה און שומרון, זאָלן אין אַ שלום־אָפּמאַך מיטן קעניג כוסעין ווערן אַ טייל פון דער ירדן־מלוכה, מיט באַשטימטע אָנערקענטע געזיכערטע גרענעצן און אַז דער גאַנצער שטח זאָל זיין דעמיליטאַריזירט. איין זאַך איז קלאָר, דהיינו, אַז עס איז נישטאָ קיין שום וויכטיקע פּאָליטישע פּאַרטיי אין ישראל וואָס זאָל אַקצעפּטירן אַ זעלבסטשטענדיקע פּ. ל. אָ. פּאַלעסטינער רעגירונג. דאָס וואָלט געמיינט דאָס גרעסטע געפאַר פאַר מדינת ישראל.

לאָמיר אין זינען האָבן, אַז די שטאַרקייט פון מדינת ישראל דאַרף געמאָסטן ווערן מיט דער פרייהייט פון דער געזעלשאַפט און מיט דער מאָראַל פון פאָלק, וואָס וויל לעבן בשלום מיט אַלע אירע שכנים.

## סאָציאַליסטן און די פּ. ל. אָ.

דעם אמת זאָגנדיק פילן מיר זיך פאַרשעמט וואָס יאַסיר אַראַפאַט ווערט כסדר אויפגענומען פון טוערס פון סאָציאַליס־טישן אינטערנאַציאָנאַל. זיי פאַרגעסן דערביי די פּרינציפּן פון דער „פראַנקפורט־דעקלאַראַציע“ פון 1951, וואָס דער־קלערט — אַז דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן שטרעבן און אַרבעטן פאַר שלום אין אַ וועלט פון פרייהייט, „דורך דעמאָקראַטישע מיטלען“. טאָ וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַראַפאַט מיט זיין פּ. ל. אָ. מיט די דאָזיקע פּרינציפּן? זיי פירן דאָך כסדר דורך טעראָר־אַקטן קעגן אומשולדיקע מענטשן. זייער ציל איז דאָך די ליקווידאַציע פון דער איינציקער דעמאָקראַטישער מדינה אין מיטעלן מיזרח. וואָס פאַר אַ שייכות האָט יאַסיר אַראַפאַט, וואָס פּרעדיקט גענאָסיד קעגן ישראל, מיטן דעמאָקראַטישן סאָציאַ־ליזם ? דאָך געפינען זיך טוערס וואָס ווילן אים איינלאַדן צום סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, דעם יאָר. ווי טרויעריק די לאַגע, אַז דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן טיילן צו מלוכהשן כבוד אַ טעראָ־ריסטישן מערדער.

מלחמה־קלאַנגען

גיטל ציטרין

## מלחמה־קלאַנגען

...און ווידער הערן זיך אין לופטן
קלאַנגען פול מיט וויי, באַדויער —
קלאַנגען פון מלחמות,
קלאַנגען פול מיט טרויער...

שוין ווידער גרייט מען קאַנאָנען
מענטשן צו דערשיסן,
און בלוט פון יונג און אַלט
ווי וואַסער וועט זיך גיסן...

אויף דאָרפיש ברייטע פעלדער,
מיט חן פון ווייץ און קאָרן,
וועלן מחנות טויטע ליגן
אין זייערע יונגע יאָרן...

ווידער דאָס קול פון מלחמות
אין לופטן טוט זיך הערן,
איך זע נישט קיין נחמה —
בלויז געוויין און טרערן.

די גרוילן מיר געדענקען,
זיי שוועבן נאָך אין לופטן,
אויף אונזער ערד ישראלס
...איך הער נאָך זייער רופן...

משה זכריה בעקער

# יונגע יידן און זייער יחוס; פּאַראַדאָקס פון גענעאַלאָגיע

„זייט אַזוי גוט, און שיקט מיר וואָס נאָר איר האָט, וועגן דער פּינסקי־משפּחה פון אָדעס און דער משפּחה גאָלדשטיין פון מינסק". אַזוי האָט זיך געלייענט אַ בריוו וואָס איך האָב באַקומען מיט אַ דריי יאָר צוריק, קורץ נאָכדעם ווי איך בין געוואָרן דער גענעאַלאָגישער קאָנסולטאַנט ביי דער ייוואָ־ביבליאָטעק, אין ניו־יאָרק. איך האָב שוין געענטפערט אויף אַן ערך טויזנט אַזעלכע בריוו זינט דעמאָלט, בריוו פון יידן — און אַפילו ניט־יידן — פון איבער דער גאָרער וועלט. זיי האָבן געוואָלט וויסן צי עס זיינען ביי אונדז בנימצא, צי אין ערגעץ אַנדערש, דאָקומענטן וואָס האָבן אַ שייכות צו זייערע אייגענע משפּחות. דער טאָן פון די בריוו וואָס קומען אָן איז אָפטמאָל זייער אַ נאַיווער (ווי עס זאָגט עדות דער אויבן־ציטירטער בריוו), אָבער אויך אַן אויפריכטיקער און אַפילו אַ דרינגענדיקער.

מיר זעען דאָ די קלאָרע פּאַראַדאָקסאַלע סימנים פון דער קאָלעקטיווער זוכעניש נאָך וואָרצלען („רוטס", אויף ענגליש), גלייכצייטיק מיטן טיפן קריזיס פון פאַמיליע־לעבן, בפרט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די גרויסע און שטייגנדיקע צאָל פון געמישטע חתונות און גטן, דער פאַקט וואָס אַ גרויסע פּראָפּאָרציע פונעם יינגערן דור לייגט אָפּ דעם באַשלוס חתונה צו האָבן בכלל — דאָס זיינען די בולטע סימפּטאָמען פונעם קריזיס. דער יונגער, אַסימילירטער אַמעריקאַנער ייד כאַפּט זיך אַז אָט־אָט וועט זיין צו שפּעט צו אַנטפּלעקן די סודות פון זיין פאַמיליע־געשיכטע. מען מוז אויסגעפינען וואָס מער פּרטים איידער דער אימיגראַנטישער דור גייט אַוועק אויף אייביק.

איך קום אין טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט מיט מענטשן וואָס ווילן אויספאָרשן זייער יחוס. טייל זיינען גוט באַהאַוונט אין יידישע מקורים, אין יידישקייט בכלל, אָבער דאָס גרויסע רוב זיינען אַזוי אָפּגעפרעמדט פון יידישקייט אַז זיי קענען אַפילו ניט די פּירקאַנטיקע אותיות פון יידישן אַלף־בית. כאָטש איך האָב באַגעגנט גענעאַלאָגישע פאָרשערס וואָס קומען פון עלטערן, אימיגראַנטישן דור, מוז איך צוגעבן אַז בדרך כלל זיינען זיי יינגערע מענטשן, וואָס שטאַמען פון דריטן און פערטן דור.

צווישן דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג איז גענעאַלאָגיע לעצטנס געוואָרן זייער אַ פּאָפּולערער צייט־פאַרברענג. דאָס הייסט, אַז די פּאָפּולערקייט פון גענעאַלאָגיע צווישן אַמעריקאַנער יידן איז אַן אָפּשפּיגלונג פונעם אַלגעמיינעם פענאָמען, אָבער מיט ספּעציפיש־יידישע קנייטשלעך. דער יידישער גענעאַלאָגישער פאָרשער קומט אין קאָנטאַקט מיט מקורים (ביכער און אַרכיוואַלע דאָקומענטן) וואָס זיינען אים טיילווייז אָדער אין גאַנצן פרעמד, אָבער אַז ער קוקט אַריין אין אַ יזכור־בוך, אָדער אַז ער באַטראַכט אַ מצבה, ווערט ער ביסלעכווייז צוגעוואוינט צום יידישן אות און צום יידישן וואָרט, און ער ווערט געוואויר וועגן דער יידישער וועלט וואָס איז אַמאָל געווען.

אינעם נייעם גענעאַלאָגישן וועגווייזער „פון דור צו דור" („פראָם דזשענערײשאָן טו דזשענערײשאָן"), באַשרייבט דער יונגער שרייבער אַרטור קורצווייל זיינע איינדרוקן פון זיין זיידנס היים־שטעטל דאָבראָמיל, אַן אָרט אין גאַליציע, וואו ער איז קיינמאָל ניט געווען: „וואָס מער איך געפין אויס וועגן די שטעטלעך פון מיינע אָבות, אַלץ מער פיל איך ווי ביי זיך אין דער היים. אין יענע מקומות האָבן זיי זיך געראַנגלט מיטן לעבן און זיינען איבערגעקומען אַ סך נסיונות, עפּעס אינעווייניק ציט מיך צו די גאַסן וואו מיין משפּחה האָט געוואוינט. איך קום צו גאַסט צו זיי אין פאָטאָגראַפיעס, אין מעשיות, אין נעמען און אין מיינע חלומות. כאָטש איך בין אַ קינד פון אַמעריקע, בין איך פאָרט אַ דאָבראָמילער". אַרטור קורצווייל שטאַמט פון אַן אַסימילירטער, ניט־רעליגיעזער, ענגליש־רעדנדיקער משפּחה פון לאָנג־איילאַנד. לויט דעם ווי ער גיט אָן, האָט זיין אינטערעס אינעם דרויסנדיקן לעבן פון זיין זיידן און עלטער־זיידן אים צוגעפירט צו יידישקייט. אין דעם, האַלט ער, באַשטייט דער אמתער ווערט פון גענעאַלאָגיע. אויב ער האָט פריער געהאַט אַ קנאַפּן באַגריף פון יידישע מנהגים און טראַדיציעס (שוין אָפּגערעדט פון יידישע לשונות), איז ער אין זיי אַריינגעצויגן געוואָרן, דורך אינטערוויוס מיט עלטערע קרובים, און דורך אויספאָרשן אַנדערע פּרטים אין ביבליאָטעקן און אַרכיוון. קורצווייל אַרבעט שוין אַ צען יאָר צייט אויף זיין פאַמיליע־געשיכטע; אָבער ניט אַלע זיינען בכוח אָפּצושפּאָרן אַזוי פיל צייט, ענערגיע און געלט אויף אַזאַ מין פּראָיעקט. קען מען דעריבער פרעגן צי אַלע גענעאַלאָגיסטן וועלן דערגיין צו אַזאַ נאָענטער באַציאונג צו זייער יידישקייט ווי עס האָט געטאָן קורצווייל. איך האָב מורא אַז אין דעם איז קורצווייל אַ יוצא מן הכלל.

אָבער דער אינטערעס אין גענעאַלאָגיע וואַקסט כסדר, ניט געקוקט אויף אַזעלכע פּעסימיסטישע אָפּשאַצונגען. מען גיט אַרויס (אין ענגליש) אַ פערטליאָר־שריפט וועגן גענעאַלאָגיע, מיטן טיטל „תולדות" (רעדאַקטירט פון קורצווייל און זיין שותף סטיווען סיגעל), און אַן אַקטיווע „יידישע גענעאַלאָגישע געזעלשאַפט" („דזשואיש דזשיניאַלאָדזשיקאַל סאָסייעטי") פירט אָן מיט אירע אַקטיוויטעטן. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זיינען דער עיקרשט פאַראינטערעסירט אין טיילן זיך איינער מיטן אַנדערן, מיט פּראַקטישע עצות וועגן פאָרש־מעטאָדן, אין גיין צו גאַסט צו יידישע ביבליאָטעקן און אַרכיוון, אין מאַכן עקסקורסיעס אויף בית־עלמינס — און ניט אַזוי אינעם טיפן ברונעם פון יידישע ווערטן און יידישער געשיכטע. די אַרויסגעבער פון די יזכור־ביכער וועלן זיך מסתמא חידושן צו הערן אַז די גרעסטע צאָל לייענערס פון די ביכער אין ביבליאָטעקן זיינען ניט זייערע לאַנדסלייט פון אַלטן אימיגראַנטישן דור (אָדער פון שארית הפּליטה), און ניט די פאָרשערס פון חורבן, נאָר די אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון עמיגראַנטן, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייערע אַלטע היים־שטעטלעך און זיך באַזעצט אין אַמעריקע שוין מיט 70, 80, 90, און אַפילו 100 יאָר צוריק. די צרה איז, וואָס זייער ווייניק פון די איצטיקע לייענערס קענען אויסטייטשן דעם רייכן אינהאַלט פון די יזכור־ביכער. דעריבער קוקן זיי נאָר אויף די פאָטאָגראַפיעס, זיי לייענען די ענגליש־זייטן (אויב ס'איז דאָ אַן ענגליש־אָפּטייל), זיי קוקן איבער די רשימות פון קדושים, וואו זיי לייענען די נעמען פון ווייטע קרובים, פון וועלכע זיי האָבן מסתמא מיינמאָל ניט געהערט, און פאַרטיק. אויף אַזאַ אייבערפלעכלעכן אופן באַקענען זיי זיך מיט דער אַלטער היים.

אָבער איידער אַ סך פון זיי קענען אַפילו צוגיין צום יזכור־בוך מוזן זיי פריער אויסגעפינען דעם ריכטיקן נאָמען פון שטעטל, יידישע, פּוילישע, ליטווישע און רוסישע געאָגראַפישע נעמען קלינגען ווי טערקיש אין די אויערן פונעם הי־געבוירענעם (ווער זשע פון יינגערן דור האָט געהערט פון אַזאַ מאָדנע אָרט ווי „אַמשינאָוו"? — און דער פּוילישער נאָמען פון זעלבן אָרט, „משטשאָנאוו", האָט אויך אַ מאָדנעם אָפּקלאַנג. אָפטמאָל ווייסן זיי גאָרניט וועגן דער געשיכטע פון די מזרח־אייראָפּעישע לענדער, און וועגן די פיל־צאָליקע גרענעץ־ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען במשך פון 20־טן יאָרהונדערט. זיי ווייסן ניט צי מיט „עסטרייך" מיינט מען טאַקע עסטרייך גופא, צי דערמיט מיינט מען גאָר גאַליציע, בוקאָווינע, בעמען, אָדער מערן — פּראָווינצן וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו עסטרייך. אַסימילאַציע האָט דערפירט ניט נאָר צום יידישן עם־הארצות, נאָר אויך צום אַלגעמיינעם היסטאָרישן אומוויסן.

דער אינטערעס אין גענעאַלאָגיע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומבאַשטימט זוכעניש ניט נאָר נאָך וואָרצלען, נאָר אויך נאָך אַן עמאָציאָנעלן אַנקער אין דער היינטצייטיקער ביז־גאָר אַטאָמיזירטער געזעלשאַפט. מען קען באַטראַכטן אַ גענעאַלאָגישן פּראָיעקט ווי איין מיטל אויפצודעקן זיך אַליין. אַזאַ פּראָיעקט קען אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט ווערן גאַנץ גרינג אין אַן ענגער עגאָאיסטישער אונטערנעמונג. איך האָב גערעדט און קאָרעספּאָנדירט מיט אומצאָליקע מענטשן וואָס פירן זייער יחוס צוריק ביזן בעל־שם־טוב, אָדער ביזן ווילנער גאון, ביז רש"י גאָר, און אַזש ביז דוד המלך. אַזעלכע פּרעטענזיעס רופט קורצווייל אָן ווי „פאַמיליע־לעגענדעס" אָדער „מיטאָסן". ער באַנוצט זיך מיטן טערמין „מיטאָס" ניט דערפאַר וואָס אָט די פּרעטענזיעס זיינען פאַלשע (כאָטש עס קען טאַקע זיין באַזונדערס שווער פעסטצושטעלן צי מען שטאַמט אָפּ פונעם ווילנער גאון אָדער פון אַן ענלעכער היסטאָרישער געשטאַלט), נאָר ווייל די מענטשן וואָס גלייבן אין די לעגענדעס ווילן אַזוי גלייבן. יחוס ווערט, אַזוי אַרום, אַ מעטאַפאָר פאַר פּסיכאָלאָגישער און עמאָציאָנעלער זיכערקייט: „איך שטאַם פון ווילנער גאון, איך בין ניט אַבי ווער..."

אָבער ס'איז דאָ אַ פּאָזיטיווע זייט פון גענעאַלאָגיע, דאָס האָט



צו טאָן מיט דעם וואָס קורצווייל באַשרייבט ווי אַ באַמיאונג צוריק צונויפצושטעלן כאָטש אַ טייל פון דעם וואָס איז איצט צעשטערט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים. לויט זיין מיינונג, ס'איז פּשוט אַ מצווה אַז יעדערער זאָל אָנזאַמלען די נעמען פון די קדושים פון זיין משפּחה. וואָרים ווער וועט טאָן אַז אַרבעט, ווען ניט די משפּחה־מיטגלידער אַליין? מען טאָר ניט פאַרגעסן די אומקום־תקופה — ניט נאָר בכלל, נאָר אויך בפרט, און יעדערער קען נעמען אָנטייל אין דער דאָקומענטאַציע פון חורבן דורך געדענקען און פּרעזערווירן די נעמען פון די אומגעקומענע.

אין תוך גענומען, איז דער אינטערעס אין גענעאַלאָגיע אַ פּאָזיטיווע אַנטוויקלונג פונעם היינצייטיקן אַמעריקאַנער יידנטום. אַרטור קורצווייל דערקלערט, אַז דער ווערט פון גענעאַלאָגיע ליגט אין דעם וואָס „דו ביסט אַ טייל פון דער יידישער געשיכטע און אויספאָרשן די גאַנצע יידישע געשיכטע קענסטו טאָן נאָר אָנהייבנדיק מיט זיך אַליין". דעריבער, גיט ער צו, דאַרף מען זיך אַליין פרעגן, „ווי אַזוי בין איך צוגעקומען צום פּונקט וואו איך געפין זיך גראָד איצט?" צו דעם וויל איך נאָר צוגעבן הלל הזקנס אַ ווערטל: ואם לא עכשיו אימתי — און אויב נישט איצט, ווען דען?

---

משה זכריה בעקער איז געבוירן געוואָרן אין מיניאַפּאָליס אין 1950. ער האָט זיך געלערנט אין דער באַרימטער מיניאַפּאָליסער תלמוד־תורה — וואו ער האָט באַקומען זיין אַלגעמיינע און יידישע דערציאונג. ער האָט גראַדואירט דעם שיקאַגאָ אוניווערסיטעט — און ער האָט שטודירט ביבליאָטעק־קענטשאַפט אין דעם מיניאַפּאָליסער אוניווערסיטעט. ער האָט געלערנט יידיש אויף די זומער־קורסן אין קאָלומביע־אוניווערסיטעט. ער איז אַ מיטאַרבעטער אין דער ייוואָ־ביבליאָטעק — און ער שטעלט צונויף די ביבליאָגראַפיע פון יידישע ביכער פאַר דעם יידישן בוך־אַלמאַנאַך. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ צאָל אַרטיקלען אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע", „אויפן שוועל" און „יוגנט־רוף". — רעד.

ישראל פּינא

# די „שוואַרצע" אַפריקע אין שפּיגל פון אוגאַנדאַ

אוגאַנדאַ ווערט באַצייכנט דורך רייזנדיקע ווי די שיינקייט פון אַפריקע. צווישן מלוכות געהערט זי צו די ניי־געבוירענע; זי איז איינע פון די, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון פרעמדער הערשאַפט נאָכן צווייטן וועלט־קריג, ווען ס'איז זיך צעפאַלן די קאָלאָניאַלע וועלט־סיסטעם. ביז דעם יאָר 1962 איז זי געווען איינע פון די קאָלאָניעס, פאָרמעל — אַ פּראָטעקטאָראַט, פון דער בריטישער אימפּעריע. אין פאַרלויף פון 18 יאָר אומאָפּהענגיקייט האָט זי צוגעשטעלט דער וועלט פיל פּאָליטישע סענסאַציעס און באַלערנדיקע ביישפּילן.

מיט 14 חדשים צוריק איז אוגאַנדאַ פּטור געוואָרן פון איר הערשער, אידי אַמין. זיין טיראַנישע ממשלה איבער אַ 10־מיליאָניק פאָלק אין אַ ריזיק לאַנד איז געווען נאָך איין אילוסטראַציע צו דער טעזע, אַז אַ משוגענער קען אָנפירן מיט אַ מלוכה און אַפילו זיין אָנערקענט דורך פיל רעגירונגען ווי אַ וויכטיקער אויפטוער אין דער וועלט־פּאָליטיק. אין די קאָמוניסטישע לענדער פון סאָוועטישן בלאָק האָט מען אים געלויבט ביז צום הימל און פאָרגעשטעלט ווי אַ פּראָגרעסיוון, אַנטי־אימפּעריאַליסטישן פּאָליטיקער. ער איז געווען געשטיצט דורך געוויסע ניט־קאָמוניסטישע מלוכות און ליבישע סאָלדאַטן האָבן פאַרגאָסן בלוט אין זיין פאַרטיידיקונג, ווען זיין הערשאַפט איז געווען באַדראָט דורך פיינטלעכע צו אים מיליטערישע כוחות.

אַמין האָט „געקעמפט מיט דער שווערד און איז אומגעקומען פון דער שווערד". ער האָט אָנגעהויבן אַ אומזיניקן און האָפנונגסלאָזן קריג קעגן דער שכנותדיקער מלוכה טאַנזאַניאַ און פאַרכאַפּט טעריטאָריע פון שכן. די טאַנזאַנישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן אַ קעגנאָפענסיווע, מיטאַרבעטנדיק גלייכצייטיק מיט פּאָליטישע עמיגראַנטן פון אוגאַנדאַ, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין טאַנזאַניאַ. 20 פּאָליטישע גרופּירונגען פון אוגאַנדער עמיגראַנטן האָבן אין מערץ, פאַראַיאָרן, געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע „נאַציאָנאַלער פראָנט צו באַפרייען אוגאַנדאַ", וואָס ווערט גערופן קורץ „יו־ען־על־עף" (יוגאַנדאַן נאַשאָנאַל ליבערײשאָן פראָנט). דער פראָנט האָט אַריינמאַרשירט קיין אוגאַנדאַ צוזאַמען מיט די טאַנזאַנישע אָפּטיילונגען. דאָס מיליטער, וואָס איז נאָך געווען טריי צו אידי אַמין איז געוואָרן צעשמעטערט (צוזאַמען מיט די ליבישע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן געהאָלפן דעם דיקטאַטאָר פון אוגאַנדאַ). צו דער מאַכט איז געקומען די „יו־ען־על־עף". דאָס פאָלק האָט אָפּגעאָטעמט. ס'האָט זיך פאַרענדיקט די צייט פון טעראָר און שרעק. ס'איז געקומען די אויסגעבענקטע און שווער־אויסגעקעמפטע פרייהייט און דעמאָקראַטיע. און וואָס האָט געבראַכט מיט זיך דער נייער רעזשים פון „באַפרייאונגס־פראָנט"?

* * *

דער „באַפרייאונגס־פראָנט" האָט באַשטימט אַלס צייטווייליקן פּרעזידענט אַן אוגאַנדישן פּאָליטיקער מיטן נאָמען דזשוסוף לולע. ביי דער מאַכט האָט ער זיך געהאַלטן סך־הכל 3 מאָנאַטן. ער איז געוואָרן באַזייטיקט דורך דער פירערשאַפט פון „פראָנט" אונטער דער באַשולדיקונג, אַז אַנשטאָט זיך צו פאַרנעמען מיט צוגרייטן פּאַרלאַמענט־וואַלן, האָט ער אָנגעהויבן איינצופירן זיין פּערזענלעכע דיקטאַטור. לולעס אָרט האָט פאַרנומען אַן אַנדערער פּאָליטיקער, גאָדפרי ביינייסאַ. די אַפריקאַניש־נעגערישע נעמען קלינגען פאַר אונדז מאָדנע, אָבער די טרעגער פון די דאָזיקע נעמען זיינען ניט זעלטן געבילדעטע און זייער טאַלאַנטירטע מענטשן. לולע איז אַ געלערנטער און אַ צייט איז ער געווען פּראָרעקטאָר פון אַ באַרימטן אַפריקאַנער אוניווערסיטעט. דער צווייטער איז אַן אויסגעצייכנטער אַדוואָקאַט און ער האָט אַ צייט פּראַקטיצירט אין דאָזיקן פאַך אין ניו־יאָרק.

נאַאיווע האָבן דערוואַרט, אַז אונטער דער אָנפירונג פון נייעם פּרעזידענט, גאָדפרי ביינייסאַ, וועלן שוין פאָרקומען די וואַלן און דאָס לאַנד וועט אַריינטרעטן אין צושטאַנד פון סטאַביליזאַציע. ס'האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ קאָנפליקט צווישן נייעם פּרעזידענט מיט דער אָנפירערשאַפט פון דער אַרמיי (אין אוגאַנדאַ זיינען נאָך אַלץ פאַראַן טאַנזאַנישע אָפּטיילונגען און אַ רעאָרגאַניזירטע אָרטיקע אַרמיי). דער פּרעזידענט האָט פאַראָרדנט, אַז דעיוויד אַיאַקאַ, דער שעף פון אוגאַנדין גענעראַל־שטאַב, זאָל זיך אָנגעבן אין דימיסיע. די אַרמיי האָט געענטפערט מיט אַ בונט און פאַרכאַפּט די מאַכט. פאָרמעל רעגירט אַ כונטע, וואָס רופט זיך „מיליטערישער קאָמיטעט פון דער יו־ען־על־עף". די מאַכט פאַרנעמט זיך מיט צוגרייטן וואַלן, אָבער דערווייל קומען פאָר אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד פאַרביסענע קאַמפן.

ווער קעמפט קעגן וועמען? קיינער האָט ניט קיין קאָנטראָל איבער די געשעענישן און ס'איז אַפילו ניטאָ קיין רשימה פון די קעמפנדיקע צדדים. פאַר וועלכע פּראָגראַמען קעמפט מען און מענטשן גיבן אַוועק זייער לעבן? די קעמפנדיקע צדדים טרעטן ניט אַרויס מיט קיין קלאָר־דעפינירטע פּראָגראַמען. טעאָרעטיש שאַצט מען אָפּ, אַז צווישן די קעגנער זיינען פאַראַן אָנהענגער פון אַ נאַציאָנאַליזירטער ווירטשאַפט און אַנדערע זוכן אַ מוסטער אין די מערב־אייראָפּעישע סיסטעמען. מען רופט אַפילו אָן נעמען פון פּאָליטיקער, וואָס ווערן באַצייכנט ווי „מאַרקסיסטן". מען רעדט וועגן סימפּאַטיקער פון „טאַנזאַנישן סאָציאַליזם" און וועגן אַנדערע, וואָס טרעטן אַרויס מיט מער אַלגעמיינע פראַזן וועגן „אַפריקאַנער סאָציאַליזם". וועמען רעפּרעזענטירן זיי אַלע, וועלכע קלאַסן, וועלכע סאָציאַלע שיכטן שטייען הינטער די פאַרשידענע פּאַרטייען? מיר האָבן פריער דערמאָנט, אַז דעם „נאַציאָנאַלן פראָנט צו באַפרייען אוגאַנדאַ" (די „יו־ען־על־עף") האָבן אין מערץ 1979 געשאַפן 20 פאַרשידענע פּאַרטייען. 20 פּאַרטייען מיט 20 פאַרשידענע פּראָגראַמען. היינט איז די צאָל פּאַרטייען פיל גרעסער. לעצטנס האָט ווידער געגעבן צו וויסן וועגן זיך אידי אַמין. אין זיין אומבאַקאַנטן באַהעלטעניש (ס'זיינען פאַראַן קלאַנגען אַז אין סאַודי־אַראַביע) האָט ער אויפגענומען אַן ענגלישן זשורנאַליסט און דורך זיין פאַרמיטלונג געגעבן צו וויסן, אַז ער איז גרייט זיך צוריקצוקערן און ראַטעווען דאָס לאַנד פון כאַאָס און דראָענדיקן בירגער־קריג. אַן ענלעכן קאָמוניקאַט האָט אַרויסגעגעבן מילטאָן אָבאָטע, געוועזענער פּרעזידענט פון אוגאַנדאַ, וואָס אידי אַמין האָט אים געהאַט באַזייטיקט פון דער מאַכט.

וואָס־זשע קומט טאַקע פאָר אין אוגאַנדאַ? פאַרוואָס קען דאָס פאָלק פון דאָזיקן לאַנד ניט געניסן פון די פרוכטן פון פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט? אויב מיר וועלן פאַרענטפערן

די דאָזיקע פראַגע, וועלן מיר פאַרשטיין פיל געשעענישן ניט נאָר אין אוגאַנדאַ, נאָר בכלל אין אַפריקע.

* * *

פאַרוואָס קען דאָס פאָלק פון אוגאַנדאַ ניט געניסן פון די פרוכטן פון פרייהייט? ס'איז ניטאָ קיין פאָלק פון אוגאַנדאַ; אוגאַנדער זיינען ניט קיין פאָלק. די 10 מיליאָניקע באַפעלקערונג פון דער דאָזיקער מזרח־אַפריקאַנער מלוכה איז צונויפגעשטעלט פון צענדליקער שבטים, וואָס רעדן אויף פאַרשידענע לשונות און זיינען צעטיילט צווישן פאַרשידענע אַפריקאַנער מלוכות. יעדע עטנישע גרופּע, וואָס וואוינט אין אוגאַנדאַ, איז צעשפּליטערט און אַנדערע אירע טיילן לעבן אין סודאַן, קעניאַ, אין רוואַנדאַ, זאַיר, טאַנזאַניאַ און אויך אין לענדער וואָס גרענעצן זיך ניט מיט אוגאַנדאַ. די ראַדיאָ־סטאַנציע אין קאַמפּאַלאַ (הויפּטשטאָט) גיט איבער ידיעות אין 24 שפּראַכן און די נאַציאָנאַלע שפּראַך איז ענגליש; זי איז די איינציקע אויף וועלכער אַלע קענען זיך פאַרשטיין.

די פאַרשידענע שבטים געהערן צו פאַרשידענע ראַסעס און רעליגיעס. ס'זיינען פאַראַן קריסטן אָנגעהעריקע צו פאַרשידענע קירכעס, די מערהייט צו דער אַנגליקאַנישער און קאַטויילישער. מוסולמענער בילדן אַרום 10 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון דער מדינה הערשט געצנדינעריי. ווען די ענגלענדער האָבן פאַרנומען אוגאַנדאַ (דער ענגלישער פּראָטעקטאָראַט איז געוואָרן איינגעשטעלט אין יאָר 1894) האָט זיך אויף דער טעריטאָריע פון דאָזיקן לאַנד געפונען ביי 30 מלוכהלעך צונויפגעשטעלטע פון פעדעראַציעס פון שבטים. ווען די ענגלענדער זיינען אַרויס פון אוגאַנדאַ און דאָס לאַנד איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, האָבן נאָך אַלץ עקסיסטירט דריי מאָנאַרכיעס, מלוכהלעך אינערהאַלב דעם בריטישן פּראָטעקטאָראַט, אַזוי ווי מיטלאַלטערלעכע גראַפשאַפטן, אונטערגעאָרדנטע דעם קעניג פון לאַנד.

ווען די ענגלענדער האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון אוגאַנדאַ (אָקטאָבער 1962) האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן קאָנפליקטן צווישן די פאַרשידענע שבטים און דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אויף דער שוועל פון אַ בירגער־קריג. אָבער דער אויבן־דערמאָנטער דר. מילטאָן אָבאָטע האָט דורך געשיקטער דיפּלאָמאַטיע איינגעשטילט די קאַמפן און ער האָט דערפירט צו דעם, אַז דעם אַמט פון פּרעזידענט האָט באַקומען דער ביזאַיצטיקער הערשער פון צאָלרייכסטן און שטאַרקסטן שבט פון דער פּראָווינץ בוגאַנדאַ. די באַפעלקערונג פון דער דאָזיקער פּראָווינץ האָט געקעמפט קעגן אַ צענטראַליזירטער מלוכה. דער מאַנעווער מיט באַשטימען דעם בוגאַנדישן „קעניג" פאַר פּרעזידענט האָט דערפירט צו אַ צייטווייליקער באַרואיקונג. די נייע מלוכה האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן און אָבאָטע איז געוואָרן איר ערשטער פּרעמיער. אָבאָטע אַליין שטאַמט פון אַ שבט לאַנגאַ. בוגאַנדאַ געפינט זיך אין דרום־אוגאַנדאַ. דער שבט לאַנגאַ איז איר שכן אין דרום פון לאַנד. אַזוי אַרום איז די ערשטע רעגירונג געווען ווי אַ קאָאַליציע פון דרומדיקע שבטים. די אינערלעכע אַנטאַגאָניזמען צווישן די פאַרשידענע שבטים, בפרט צווישן די צפונדיקע און דרומדיקע, זיינען געווען ווי אַן אונטערערדישער וואולקאַן. ווען וועט די ערד אָנהויבן זיך טרייסלען און די לאַווע וועט מיט אַ גוואַלדיקן כוח זיך אַרויסרייסן אויף דער אויבערפלאַך מיט דער אומברחמנותדיקער קראַפט פון אַ נאַטורסטיכיע? די סיטואַציע פון לאַנד האָט געשאַפן אַ גלענצנדיקן קלימאַט פאַר דיקטאַטאָרישע שטרעבונגען.

מיט דר. אַפּאָלאָ מילטאָן אָבאָטע איז געשען דאָס זעלבע, וואָס מיט פיל אַנדערע רעוואָלוציאָנערן. ער איז געווען אַ קעמפער קעגן דער בריטישער הערשאַפט, אַן אָנהענגער פון אַ פיל־פּאַרטייאישער דעמאָקראַטיע, פון טאָלעראַנץ לגבי אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען. ווען ער האָט זיך געפונען ביי דער מאַכט איז ער שנעל געוואָרן דעמאָראַליזירט און איז געוואָרן באַהערשט דורך אַ שטרעבונג צו נאָך גרעסערער מאַכט, צו אומבאַגרענעצטער מאַכט. די סיטואַציע אין לאַנד האָט געשאַפן אַ גינסטיקן באָדן פאַר אַזאַ ענדערונג אין כאַראַקטער פון געוועזענעם דעמאָקראַט, מילטאָן אָבאָטע. ער האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן אַן איבערקערעניש.

אין יאָר 1966 האָט ער אויסגעפירט זיין פּלאַן. ער האָט דורכגעפירט אַ פּוטש, אַראָפּגעזעצט דעם מלוכה־פּרעזידענט, זיך אַליין באַשטימט פאַר פּרעזידענט און איינגעפירט זיין פּערזענלעכע דיקטאַטור. כדי צו קאָנצענטרירן וואָס מער מאַכט אין זיין האַנט האָט ער ליקווידירט די אויטאָנאָמישע רעכט פון די פּראָווינצן און שבטים. ער האָט ליקווידירט דעם פיל־פּאַרטייאישן סיסטעם און זיין אייגענע פּאַרטיי, „אוגאַנדאַס פאָלקס־קאָנגרעס" איז פאַרבליבן די איינציקע לעגאַלע אויף דער פּאָליטישער אַרענע. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט פאַרטרויונגס־לייט פון זיין שבט (לאַנגאַ) און די טעריטאָריע פון דאָזיקן שבט איז געוואָרן עקאָנאָמיש פּריווילעגירט. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאָרומפּירטע לאַנגאַ־ביוראָקראַטיע מיט אַלע מיאוסע שטריכן פון ניי־אויפגעקומענע גבירים. דער אָבאָטע־רעזשים איז געוואָרן אַלגעמיין פאַרהאַסט און ס'איז געוואָרן רייף דער באָדן פאַר אַ נייער מלוכה־איבערקערעניש.

זי איז געוואָרן דורכגעפירט אין יאַנואַר 1971 דורך אַ פּראָפעסיאָנעלן אָפיציר, גענעראַל אידי אַמין, פון שבט קאַקוואַ, אַ קליינער שבט אין צפון־אוגאַנדאַ. אָבאָטע איז געווען אַ קאָרומפּירטער דיקטאַטאָר און טריבאַליסט, אַמין איז אַריינגעפאַלן אין אַ מאַניע פון גרויסקייט און ער איז געווען אַ סופּער־טריבאַליסט (טריבאַליסט, פון וואָרט „טרייב", שבט, מיינט אַ מענטש, וואָס פּריווילעגירט מענטשן פון זיין שבט און דיסקרימינירט אָנגעהעריקע צו אַנדערע שבטים). אַ מאַניע פון גרויסקייט איז אַ ברייט־פאַרשפּרייטע מענטשלעכע שוואַכקייט. ווען זי דערגרייכט אַ געוויסע שטופע פאַרוואַנדלט זי זיך אין אַ גייסטיקער קראַנקייט. אידי אַמין איז געווען אַ גייסטיק קראַנקער, אַ משוגענער טיראַן. ער האָט געהערט צום זעלבן סאָרט משוגעים ביי דער מאַכט, ווי סטאַלין און היטלער אין אונדזער צייט (די געשיכטע שטעלט צו ניט ווייניק ביישפּילן פון משוגענע טיראַנען ביי דער מאַכט אין דער פאַרגאַנגענהייט), וואָס האָבן אַרויסגעוויזן פיל כיטרעקייט און אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט.

דער שבט קאַקוואַ איז קליין און האָט ניט געקענט צושטעלן די אַלע נויטיקע מענטשן פאַר דער מלוכה־ביוראָקראַטיע, אַרמיי, געהיים־פּאָליציי און ענלעכע. אַמין האָט אויפגעבויט אַ נעץ פון שפּיאָנען, אַ גרויסע טעראָר־מאַשין, רעקרוטירנדיק פאַר דעם צוועק מענטשן פון נובישער נאַציאָנאַליטעט. די נובישע שבטים זיינען ניט קיין איינגעזעסענע, אָרטיקע. זייער אַלטערטימלעך זיץ־אָרט איז סודאַן. די ענגלענדער האָבן געשטיצט די עמיגראַציע פון נוביער פון סודאַן קיין אוגאַנדאַ, פאַרגרעסערנדיק פילפאַכיק די קליינע צאָל אָרטיקע נוביער. פון צווישן די נוביער, אין צוגאָב צו אוגאַנדער פון שבט קאַקוואַ, האָט אַמין געשאַפן אַ גרויסע קאַדער פּריווילעגירטע געהיים־אַגענטן און גרייטע צו אַלעם געהיימע און אָפענע מערדער. אַזוי אַרום האָט אַמינס דיקטאַטור אָנגענומען, ענלעך ווי די פריערדיקע אָבאָטע־דיקטאַטור, אַ קלאָר באַשטימטן שבט־כאַראַקטער. די אַנדערע, „פרעמדע" שבטים, האָבן ניט געלעקט קיין האָניק און מיט געוויסע האָבן אַמינס הענקער זיך בלוטיק אָפּגערעכנט. טויזנטער און טויזנטער, בפרט פון שבט לאַנגאַ (אָבאָטעס שבט) האָבן געראַטעוועט דאָס לעבן דורך אַנטלויפן פון לאַנד. אין די שכנותדיקע לענדער איז געשאַפן געוואָרן אַ פּראָבלעם פון פּליטים פון אוגאַנדאַ.

ווען די עמיגראַנטן האָבן ליקווידירט, מיט דער דעצידירנדיקער הילף פון טאַנזאַניער אָפּטיילונגען די אַמין־דיקטאַטור און צו דער מאַכט איז געקומען דזשוסוף לולע, האָבן די אויבערהאַנט ווידער באַקומען מענטשן פון די באַגונדאַ־שבטים. לולע און בינאַיסטאַ שטאַמען פון דער באַגונדאַ־פּראָווינץ. ביידע האָבן גלייך אָנגעהויבן צו פירן אַ „טריבאַליסטישע" פּאָליטיק, שאַפנדיק אַ נייע ביוראָקראַטיע אָנגעשפּאַרט אויף די שבטים, פון וועלכע זיי שטאַמען. מילטאָן אַבאַטע, פון שבט לאַנגאַ, האָט זיך שוין אָנגעשלאָסן אין פּאָליטישן קאַמף (נאָך דער מלוכה־איבערקערעניש דורכגעפירטע דורך אידי אַמין האָט אָבאָטע זיך באַזעצט אויף עמיגראַציע אין טאַנזאַניאַ).. ער קומט צוריק ווי אַ מאַרטירער, וואָס האָט געליטן פון פאַרהאַסטן דורכן פאָלק אידי אַמין. אָבער צי וועלן דו בוגאַנדאַ־שבטים פאַרגעסן, אַז אָבאָטע האָט דורכגעפירט אין יאָר 1966 אַ מלוכה־איבערקערעניש קעגן „זייער" פּרעזידענט, אַז נאָך דער איבערקערעניש האָט ער איינגעפירט אַ רעזשים פון טעראָר קעגן די שבטים פון בוגאַנדאַ, אַז ער האָט באַרויבט די באַפעלקערונג פון בוגאַנדאַ פון אירע אויטאָנאָמע רעכט?

די „טריבאַליסטישע" חשבונות זאָגן ניט צו קיין פרידלעכע צוקונפט פאַר דער „שווייץ פון אַפריקע".

* * *

ס'איז ניט בלויז אוגאַנדאַ. אַלע מלוכות פון דער „שוואַר־



צער" אַפריקע (באַוווינטע דורך נעגער) האָבן אין שאַרפערער אָדער מילדערער פאָרם די זעלבע פּראָבלעם. אין קיין שום מלוכה פון דער שוואַרצער אַפריקע האָט זיך ניט אויסגעפאָרמירט קיין נאַציע אין אייראָפּעאישן אָדער אַמעריקאַנער זין פון וואָרט. אַלע נעגערישע מלוכות האָבן אַ באַפעלקערונג, וואָס איז עטניש ניט איינהייטלעך און צעטיילט אויף שבטים, מיט אַלטע און אוראַלטע טראַדיציעס פון קעגנזייטיקן האַס און קאַמפן. די טריבאַליסטישע פּאָליטיק און חשבונות האָבן אַ גרויסע ווירקונג ניט בלויז אין אוגאַנדאַ, נאָר אין אַלע נעגערישע מלוכות.

און ניט בלויז אין דער שוואַרצער אַפריקע. אויך אין די אַראַבישע אַפריקאַנער לענדער איז די שבטים־סטרוקטור אַ וויכטיקער עלעמענט אין געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. דאָס זעלבע איז אויך אין פיל לענדער פון אַזיע. מען קען דעם ענין באַטראַכטן אויך פון אַן אַנדערן קוק־ווינקל: די באַטייטונג פון די שבטים־פּראָבלעמען נעמען זיך פון דעם, וואָס דער פּראָצעס פון פאָרמירן נייע נאַציעס איז ניט פאַרענדיקט, אַזוי ווי עס זיינען ניט פאַרענדיקט די נאַטירלעכע געאָלאָגישע פּראָצעסן, די באַוועגונג פון קאָנטינענטן און די טעטיקייט פון וואולקאַנען, פּראָצעסן וואָס ענדערן דעם אויסזען פון דער אויבערפלאַך פון ערד־קוגל און אויך זיין קלימאַט און אַנדערע אייגנטשאַפטן פון דער נאַטירלעכער אומגעבונג. עס קומען אויף נייע נאַציעס. דאָס איז ניט קיין פרידלעכער פּראָצעס. שבטים־קאַמפן זיינען איינער פון די וועגן, דורך וועלכע ס'פאָרמירן זיך די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזמען, וועלכע מיר באַצייכענען מיטן נאָמען נאַציעס.

---

ד״ר נח גריס (פּאַריז)

# זשאַן־פּאָל סאַרטר

אין פרילינג 1980 איז אַוועק פון דער וועלט זשאַן־פּאָל סאַרטר. זיין לוויה איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע. טויזנטער מענטשן און פיל אָפיציעלע און האַלב־אָפיציעלע פּערזענלעכקייטן האָבן אים באַגלייט צום פּאַריזער בית־עולם מאָנפּאַרנאַס, נאָך דעם ווי זיין קרעמאַציע איז פאָרגעקומען אויף פּער־לאַשעז.

עס פּאַסירט נישט אָפט, אַז אַ מענטש, וועלכער פאַרנעמט נישט קיין אָפיציעלן פּאָסטן זאָל האָבן אַזאַ פּאָפּולערקייט.

סאַרטר האָט זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אַדאַנק זיינע שריפטן, אַרויסזאָגן און האַנדלונגען. אַ גרויסן חלק אין דעם האָבן אויך זיינע קעגנערס, וואָס האָבן אים נישט געפעלט.

סאַרטר איז געבוירן אין פּאַריז, אין יאָר 1905 ביי בורזשואַזע עלטערן. ער שטודירט פילאָסאָפיע אין אוניווערסיטעט און באַקומט אַ דיפּלאָם פון אַ לערער. אַ קורצע צייט אַרבעט ער אין אַ פּאַריזער ליצײ. אין יאָר 1933 לערנט ער אין דייטשלאַנד ביי די באַרימטע אין יענער צייט פּראָפעסאָרן און פילאָסאָפן עדמונד הוסערל (1859—1938) און מאַרטין היידעגער (1889—1976). היידעגער איז געווען אינספּירירט פון דענישן פילאָסאָף סערען קירקעגאָרד (1813—1855) און באַגרינדעט די פילאָסאָפיע, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען (צוגעטראַכט דורך פּראָפ. יאַספּערס) עקסיסטענציאַליזם.

פאַר יאַספּערסן איז דער עקסיסטענציאַליזם אַ פאַקטאָר פון גלייכוואָג צווישן ערדישער איינגעוואָרצלטקייט פון מענטשן און זיין שטרעבונג צו געטלעכקייט.

סאַרטר האָט אָנגענומען די דאָזיקע טעאָריע אין זיין ווערק „ל'עטר ע לע נעאַנט" (דאָס באַשעפעניש און דער גאָרנישט) (1943) און זינט דעמאָלט ווערט ער באַטראַכט פאַרן פאָטער פון עקסיסטענציאַליזם. ביי אים איז דאָס אַ פילאָסאָפישע דאָקטרין, לויט וועלכער דער מענטש דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערן אין אַ לאַגע ער זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו הערשן איבער אַלע זיינע אייגנשאַפטן און טראָגן דאָס פולע אַחריות פאַר זיין עקסיסטענץ. לעבנדיק זיין אייגענע עקסיסטענץ שאַפט ער זיך אַליין און אַדאַנק זיינע האַנדלונגען באַשטימט ער זיך אַליין. איין חילוק בלויז צווישן יאַספּערסן און סאַרטרען: אויפן אָרט פון דער געטלעכקייט שטעלט ער אַוועק די פאַרצווייפלונג.

אַדאַנק זיינע קינסטלערישע ווערק: ראָמאַנען, דראַמעס און דערציילונגען פּאָפּולאַריזירט ער זיין דאָקטרין און שטיצנדיק זיך אויף איר נעמט ער אַ וואָרט אין אַלגעמיינע ענינים און דריקט אויס זיינע געדאַנקען וועגן פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגעס. ער וויל נישט האָבן קיינעם גאָרנישט צו פאַרדאַנקען און אויף אַזאַ אופן ווערן אָפּהענגיק פון וועמען עס זאָל נישט זיין. דאָס איז די סיבה וואָס ער זאָגט זיך אָפּ אָנצונעמען די נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור (1964).

זיין השפּעה אויף דער יוגנט אין די פערציקער און פופציקער יאָרן איז געווען אַן אומגעהייערע און, ווי געוויינטלעך אין ענלעכע פאַלן, האָט מען די טעאָריע פאַרפּלאַכט און גענומען פון איר, וואָס עס איז געווען אין דער מאָדע און באַקוועם.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו לייענען, וואָס וועגן סאַרטרען האָבן געשריבן זיינע קעגנערס.

אין דער היגער רוסישער וואָכנשריפט האָט וועגן סאַרטרען געשריבן די געוועזענע הויפּט־רעדאַקטאָרין פון דער צייטונג „רוסקאַיאַ מיסל" (דער רוסישער געדאַנק) זינאַאידאַ שאַכאָווסקאַיאַ. זי שטעלט צוערשט פעסט, אַז סאַרטר האָט פיינט געהאַט כיבודים און די לוויה איז געווען נישט אין זיין גייסט. דאָ האָט זיך באַשטעטיקט דער שפּרוך, אַז דער כבוד יאָגט נאָך דעם וואָס וואָס אַנטלויפט פון אים. סאַרטר האָט זוכה געווען, אַז נאָך ביי זיין לעבן זענען זיינע שריפטן אַריינגענומען געוואָרן אין פּראָגראַם פון די פּראַנצייזישע מיטלשולן. און דאָס נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט אָפט רעאַגירט אויף פּאָליטישע געשעענישן, נישט שטענדיק לטובת דער רעגירונג.

זיינע פילאָסאָפישע שריפטן האָט מען ווייניק געלייענט, שרייבט שאַכאָווסקאַיאַ, אָבער מען האָט געלייענט זיינע ראָמאַנען „די וועגן פון פרייהייט", „דער עקל", זיינע דראַמעס „שמוציקע הענט", „פאַרמאַכטע טירן", דערציילונגען „די וואַנט" און געזען זיינע טעאַטער־פּיעסעס „דער טייוול און דער גוטער גאָט", ווי די שוין דאָ דערמאָנטע.

סאַרטר איז נישט געווען דער מענטש פון טאַט, נאָר פון וואָרט, אַ גוטער אַגיטאַטאָר. ער סימפּאַטיזירט למשל מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן נאַציסטישע אָקופּאַנטן, אָבער קיין אַקטיוון חלק אין איר האָט ער נישט.

שאַכאָווסקאַיאַ באַזוכט דעם „טעמפּל" פון די עקסיסטענציאַליסטן, די קאַפע „פלאָר" אויפן בולוואַר סען־זשערמען און זעט דאָרט די נישט געצוואָגענע און נישט געוואַשענע יונגע חברה פון ביידע מינים, וועלכע האָבן פון דער טעאָריע גענומען בלויז די דעמאָראַליזאַציע, וואָס הערשט געוויינטלעך נאָך יעדער מלחמה.

זי דערציילט ווייטער, אַז אין 1946 האָט איר אין מינכען אַ דייטש געזאָגט „מיר זענען אַוועק פון פראַנקרייך, אָבער סאַרטר האָט פאַרסמט די יוגנט מיט אונדזער פאַרצווייפלונג". שאַכאָווסקאַיאַ שטרייכט אויך אונטער, אַז נישט געקוקט אויף דער שטרענגער דייטשער צענזור זענען סאַרטרס פּיעסעס אויפגעפירט געוואָרן אין אָקופּירטן פראַנקרייך. לויט איר איז ער באַזעסן פון אַן אַנטי־בורזשואַזן קאָמפּלעקס, כאָטש אַליין שטאַמט ער פון דעם קלאַס. ער איז אַ דאָגמאַטיקער, זיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן בילדן פּראָגראַמען. אַנטקעגנשטעלנדיק דעם מאַרקסיזם דער בורזשואַזיע דריקט ער זיך אויס: „אַלע אַנטי־קאָמוניסטן זענען הינט". זיין אַטעאיזם איז באַוואוסט. ווי אַ קעמפער פאַר גערעכטיקייט, דערמאָנט די מחברטע, האָט ער געשוויגן בעת דעם ענין קראַווטשענקאָ, און ווען די רוסישע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין בודאַפּעשט און בעת דעם אָקופּירן טשעכאָסלאָוואַקיי דורך די סאָוועטישע טאַנקן. זי באַטראַכט אים ווי אַ קאָמוניסטישן מיטלויפער (פּאָפּושטשיק).

ווען עס ברעכן אויס אין פּאַריז די סטודענטישע אומרוען אין 1968 דעמאָנסטרירט סאַרטר צוזאַמען מיט דער יוגנט, אָבער קיין השפּעה אויף איר האָט ער מער נישט ווי אין די פריערדיקע יאָרן. אויך די א. ג. באַאַדער־באַנדע אין דייטשלאַנד אונטערשטיצט ער מאָראַליש, וואָס איז אַ קנאַפּער באַווייז פון זיין הומאַניזם.

שאַכאָווסקאַיאַ מיינט, אַז די טויזנטקעפּיקע לוויה איז אַ סימן פו דער נייגונג מצד דער מענטשן־מאַסע צום ספּעקטאַקולערן.

עד כאן די מיינונג פו אַן אויסגעשפּראָכענער באַקעמפערין פון קאָמוניזם אין זיין סאָוועטישער געשטאַלט.

כאַראַקטעריסטיש איז דאָס בילד פון סאַרטרען, וואָס געפינט זיך אין אַ מאָסקווער אויסגאַבע פון רוסישן „קראַטקי פילאָסאָפסקי סלאָוואַר" (קורצער פילאָסאָפישער ווערטערבוך, 1951). אויף זייט 595 הייבט זיך אָן דער אַרטיקל „עקסיסטענציאַליזם", פון וואַנען מיר נעמען אַרויס די ווייטערדיקע זאַכן: „רענעגאַטן פון דער „ווידערשטאַנד־באַוועגונג" סאַרטר, קאַמי און זייערע חסידים באַמיען זיך איצט צו פאַרשוואַרצן דעם קאַמף קעגן פאַשיזם, דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון דער אַרבעטערשאַפט פאַרן סאָציאַליזם, דעם קאַמף פון דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט פאַר שלום

ד״ר אליהו שולמאַן

# אויפשטייג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור אין ישראל*

## I

עס וועט מסתמא זיין אַ חידוש פאַר אַ סך לייענער צו דערוויסן זיך, אַז יידיש ווערט גערעדט לענגער אין ארץ־ישראל ווי העברעאיש. אַשכנזישע יידן וואוינען שוין אין ארץ־ישראל אַרום פינף הונדערט יאָר און זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך זייער לשון — יידיש. עס זיינען פאַראַן דאָקומענטן אַז אַשכנזים האָבן געלעבט אין ירושלים און אין צפת אין 1488 — און עס האָט זיך אָפּגעהיט אַ בריוו געשריבן אין יידיש, וואָס אַ פרוי אין ירושלים האָט געשריבן צו איר זון קיין קאַיראָ אין 1567. דער אַשכנזישער ישוב האָט זיך פאַרגרעסערט אין 17טן יאָרהונדערט, ווען אָנהענגער פון דעם פאַלשן משיח שבתי־צבי זיינען אָרגאַניזירטערהייט געקומען קיין ארץ־ישראל. שפּעטער זיינען געקומען קיין ירושלים און צפת אי חסידים אי תלמידים פון דעם ווילנער גאון — און זיי אַלע האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך יידיש — און זיי האָבן טאַקע פאַרשטאַרקט דעם יסוד פאַר יידיש דאָרטן.

בשעת די מזרח־אייראָפּעאישע יידן זיינען אין יענער תקופה געקומען קיין ארץ־ישראל — זיינען דאָרטן געווען קליינע גרופּעס יידן אין ירושלים, צפת און נאָך אַ פּאָר ערטער. די מערסטע יידן זיינען געווען ספרדים און זייער שפּראַך איז געווען לאַדינאָ — אָדער פרענקיש — ווי אונדזערע יידן האָבן די שפּראַך גערופן. די מזרח־אייראָפּעאישע יידן האָבן טאַקע דאָרטן געטראָפן דריי שפּראַכן — אַראַביש, וואָס איז גערעדט געוואָרן פון די אַראַבער, טערקיש — דאָס לשון פון דער אַדמיניסטראַציע, און פרענקיש, — די שפּראַך פון די ספרדים. כדי צו קאָנען פאַרדינען אויף חיונה האָבן די יידן פון מזרח־אייראָפּע געדאַרפט זיך צוזאַמענרעדן מיט די אַראַבער און זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אַ צאָל אַראַבישע ווערטער און אויסדרוקן. פאַר זיי האָט טאַקע ר׳ מנחם מענדל קאַמעניצער אַרויסגעגעבן אַ האַנט־ביכל מיט אַראַבישע ווערטער מיט אַן אַריינפיר און אָנווייזונגען אויף יידיש. דער מחבר רעכנט טאַקע אויס די שפּראַכן וואָס עס ווערן גערעדט אין ארץ־ישראל — אָבער דערמאָנט נישט העברעאיש.

אין די חדרים און ישיבות האָט מען טאַקע געלערנט חומש און גמרא — אין אָריגינאַל, און מען האָט פאַרטייטשט אויף יידיש. מען האָט געדאַוונט אויף לשון־קודש — אָבער גערעדט האָבן די מזרח־אייראָפּעאישע יידן יידיש און די ספרדים — פרענקיש, אָבער נישט קיין העברעאיש. מען האָט אין ירושלים, אין טבריה און צפת געלייענט עברי־טייטש ביכלעך, מען האָט דאָרטן געשריבן אויף יידיש און מען האָט אויף יידיש אַרויסגעגעבן כרוזים־אויפרופן און פאַמפלעטן.

מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, אין 1877, האָט ישראל דוב פרומקין צוזאַמען מיט מיכל הכהן אַרויסגעגעבן אין ירושלים די ערשטע יידישע צייטונג אין ארץ־ישראל, „די ראָזע" — וואָס זיי האָבן באַצייכנט ווי אַ יידישע פאַמיליען־בלאַט פאַר אַלע אוהבי ציון.

ווי עס שרייבט דער אַצינד פאַרשטאָרבענער יידישער שרייבער

* רעפעראַט געלייענט ביים סימפּאָזיום „דער אויפקום און וואוקס פון דער יידישער ליטעראַטור אין ישראל" — זונטיק, דעם 1טן יוני 1980, אונטערן פּאַטראָנאַט פון דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס. אויף דער זעלביקער טעמע האָב איך געשריבן אין „פאָרווערטס", מאַי 14, 1978.

און דעמאָקראַטיע. זיי פריידיקן אינטעלעקטועלן און מאָראַלישן ניהיליזם, פאַראַכטונג צו וויסנשאַפט און אָנשטענדיקייט. זיי דערמאָנען די באַנדע פון מאָדערנע רעאַקציאָנערע שרייבערס אין די צייטן פון דער סטאַליפינישער רעאַקציע אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן צו נישט געמאַכט דעם מאַרקסיזם, האָבן געשפּאָט איבער דער רעוואָלוציע, גערימט דעם פאַרראַט און באַזונגען סעקסועלע פאַרדאָרבנקייט אונטער דער מאַסקע פון קולט פון פערזענלעקייט".

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז היינט וואָלט דער פילאָסאָפישער ווערטערבוך געביטן דעם טעקסט: די פילאָסאָפיע הענגט אויך אָפּ פון דער קאָניונקטור.

איך וויל דאָ באַטראַכטן דעם פאַרשטאָרבענעם פילאָסאָף פון יידישן קוקווינקל. איך מיין אַז די באַציאונג צו יידן און אַנדערע גערודפטע נאַציעס בילדן די מאָס פון עטיק און הומאַניזם. סאַרטר האָט אָנגעשריבן „באַטראַכטונגען איבער דער יידן־פראַגע" (1954). דאָרט ווערט געזאָגט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם געהערט צו דער קאַטעגאָריע מיינונגען, וועגן וועלכע מען דיסקוטירט נישט. „אַ מענטש קאָן זיין אַ גוטער פאָטער און מאַן, אַן אייפערדיקער בירגער, הויך געבילדעט, אַ פילאַנטראָפּ און פון דער צווייטער זייט אַן אַנטיסעמיט. ער קאָן ליב האָבן צו כאַפּן פיש אויף אַ וועקנטקע, האָבן פאַרגעניגנס פון ליבע, זיין טאָלעראַנט אין רעליגיעזע ענינים, אָנגעשטאָפּט מיט אידעלע אידעעס בנוגע די שוואַרצע אין דרום־אַפריקע און פון דער צווייטער זייט האַסן די יידן" (זייט 8).

סאַרטר פאַראורטיילט אַזאַ האַלטונג ווי אַ פאַלשע, ווייל די יידן־שינאה באַציט זיך צו קאָנקרעטע מענטשן, נישט קעגנשטאַנדן אָדער אָפּשאַצונגען פון דערשיינונגען אין דער קונסט אָדער גייסטיקן לעבן. פאַר אים איז דער אַנטיסעמיטיזם נישט קיין געדאַנק, נייערט און קודם־כל אַ ליידנשאַפט.

אַ מעסיקער אַנטיסעמיט וועט זאָגן „איך האָס נישט די יידן. איך האַלט אָבער אַז צוליב דער אָדער אַנדערער סיבה איז גלייכער זיי זאָלן האָבן אַ קלענערן חלק אין דער אַקטיוויקייט פון פאָלק". און דערנאָך וועט ער צוגעבן: ׳עפּעס מוז זיין אין די יידן וואָס איך פאַרלייד זיי נישט פיזיש׳".

סאַרטר אינטערעסירט זיך מיט די סיבות פון אַנטיסעמיטיזם ביי פאַרשיידענע מענטשן. איין דאַמע האָט פיינט יידן, ווייל אַ יידישער קירזשנער האָט איר פאַרברענט אַ מאַנטל; זי האָט נישט פיינט די קירזשנערס נאָר די יידן.

אַ צווייטער משל פון פיל אַנדערע: אַ סטודענט האָט נישט אויסגעהאַלטן אַ קאָנקורס; דער יידישער סטודענט האָט אים איבערגעשטיגן און דעריבער האָט ער פיינט די יידן, נישט די פּאָליאַקן. ער גיט צו, אַז די יידן זענען פלייסיק און אַז ער אַליין האַלט נישט פון די קאָנקורסן און האָט זיך אויך צו זיי נישט געגרייט. סאַרטר מאַכט דעם אויספיר, אַ ווען ס׳וואָלט קיין ייד נישט געווען וואָלט מען אים דערפונדן, ווייל מ׳האָט זיך געשאַפן אַן אידעע, אַ בילד פון אַ ייד. וועגן ברעטאָנער וועט מען קיינמאָל נישט זאָגן אַז זיי בילדן די מערהייט צווישן די אַדוואָקאַטן; וועגן יידן זאָגט מען עס.

געוויינלעך איז דער אָביעקט פון אַ ליידנשאַפט געליבט, אָבגערט, נאָענט: אַ פרוי, געלט אא"וו. איין אויסנאָם איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן כלל: דער ייד. די ליידנשאַפט קומט צום אויסדרוק אין האַס, שינאה, פאַראַכטונג.

דער אַנטיסעמיט אָנערקענט אַז דער ייד איז מער אַרבעטזאַם פון אים און דעריבער טאַקע איז ער געפערלעך. די דרייפוס־אַפּערע אין פראַנקרייך האָט געשאַפן אַ נאָענטקייט אין אַנטיסעמיטישן לאַגער צווישן אַ פירשט און זיין קוטשער, האָט דערנענטערט די בורזשואַזיע צו דער אַריסטאָקראַטיע, ווי עס באַווייזט דאָס פּרוסט.

אין יעדן לאַנד דאַרף געשאַפן ווערן, זאָגט סאַרטר, אַ ליגע קעגן אַנטיסעמיטיזם און אַלע דאַרפן זיך פאַראייניקן, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות צו באַקעמפן די דאָזיקע קראַנקע ליידנשאַפט. אָבער אויפשטעלן אַזעלכע ליגעס דאַרפן נישט די יידן, נאָר גראָד די אַנדערע פעלקער.

זיינע „באַטראַכטונגען" פאַרענדיקט סאַרטר אַזוי: „יעדער איינער מוז מסכים זיין אַז דער גורל פון די יידן איז זיין גורל. קיין פראַנצויז וועט נישט זיין פריי אַזוי לאַנג ווי די יידן וועלן נישט געניסן פון פולע רעכט, ווי איין פראַנצויז וועט נישט לעבן אין זיכערקייט כל זמן אַ ייד אין פראַנקרייך און אויף דער גאַנצער וועלט וועט מורא האָבן פאַר זיין לעבן". אַזוי האָט געזאָגט דער פאַרשטאָרבענער פילאָסאָף און הומאַניסט זשאַן־פּאָל סאַרטר.



און פאָרשער מרדכי קאָסאָווער, איז אין ירושלים, אין דער צווייטער העלפט פון דעם נייצנטן יאָרהונדערט אויפגעקומען אַ גרופּע פון משכילים, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די אַלטע כלל־טוער, וואָס האָבן זייערע פּאָסטנס און מאַכט באַקומען בירושה. עס אַנטוויקלט זיך אַ שאַרפער געראַנגל — און די רבנים באַנוצן זיך אַפילו מיט דעם אַלטן מיטל — מיטן חרם. — אָבער צוקומען צו דעם עולם מיט העברעאיש איז פאַר די משכילים געווען אומעגלעך — ווייל העברעאיש איז זיי געווען פרעמד. דער קאַמף פון די משכילים האָט דעריבער נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג צווישן דעם ברייטן עולם, זיינען די משכילים געצוואונגען אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט אויף יידיש — האָבן טאַקע עטלעכע משכילים אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין 1890 אויף יידיש — „דער ארץ־ישראל יוד". די אַרויסגעבער האָבן דערקלערט, אַז זיי גיבן־אַרויס אין ירושלים אַ יידישע צייטונג, ווייל „אַז נאָר דורך דער שפּראַך וואָס ווערט גערעדט פון מיליאָנען אונדזערע ברידער קאָנען מיר ברענגען אַ סך גוטס פאַר אונדזערע פאָלקס־מאַסן". אין שפּעטערדיקע יאָרן זיינען אַרויס אין ארץ־ישראל עטלעכע הונדערט יידישע פּעריאָדישע שריפטן, ווי מען קאָן עס זען פון מנשה אונגערס „ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער פרעסע אין ארץ־ישראל". די פאַרשיידענע צייטשריפטן האָבן ניט נאָר געהאָלפן אויפהאַלטן יידיש אין ארץ־ישראל — נייערט אויך געהאָלפן אין צוגרייטן דעם באָדן פאַר אַ יידישער ליטעראַטור דאָרטן.

## II

די יידישע ליטעראַטור איז די ליטעראַטור פון דעם גאַנצן פאָלק און במילא דריקט זי אויס אי די אידייען אי די שטרעבונגען פון גאַנצן פאָלק. עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך וואָס יידישע שרייבער האָבן געשריבן וועגן ארץ־ישראל און האָבן אויסגעדריקט בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל. יידישע שרייבער האָבן געשריבן לידער וועגן ארץ־ישראל — מיט צענדליקער יאָרן פאַר דעם אויפקום פון דער ציוניסטישער באַוועגונג — און, פאַרשטייט זיך, פאַרן אויפקום פון דער מדינה. וועגן ארץ־ישראל האָבן געשריבן: אברהם גאָלדפאַדן און חיים נחמן ביאַליק האָט זיין ערשטע ליד „אל הצפור", וואָס איז געשריבן מיט בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל — געשריבן אונטער ער השפעה פון אברהם גאָלדפאַדענס „יאָ, שרייב מיר". וועגן ארץ־ישראל האָבן געשריבן לידער אליקום צונזער, שמעון פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, ש. אַנ־סקי, יהואָש, לייב יפה, ש. י. אימבער, מ. באַסין און אַפילו אברהם רייזען, וואָס איז געווען ווייט פון ציוניזם, האָט געשריבן ארץ־ישראלדיקע לידער — ווי למשל „שטילע שמונה עשרהס", וואו ער שרייבט:

שטילע שמונה־עשרהס
אין די לאַנגע יאָרן,
ווייטע תפילות — נאָענט
זייט איר מיר געוואָרן.

אַלע טאָג צו דריי מאָל,
מאָרגנס און פאַרנאַכטן,
פלעגן אונדז די ווערטער
טיף און ווייט פאַרטראַכטן.

איך געדענק די ווערטער,
איך געדענק די טרערן:
„צו ירושלים
זאָלסטו אונדז אומקערן".

און די קינדערס הערצער
פלעגן שטאַרקער שלאָגן,
אויף די ציונס בערגער
פלעגט עס אונדז פאַרטראָגן.

זיידעס פלעגן מורמלען,
ס׳פלעגן ווענט זיך שטרעקן,
און ביי אונדז, די קינדער,
פלעגט עס וואונדער וועקן.

זאָגט ניט: אַ מתנה!
כ׳וויל עס גאָרניט הערן!
וואָס עס בעטן דורות
מוז מקוים ווערן.
(1919)

יידישע שרייבער וואָס האָבן באַזוכט אָדער געוואוינט צייטווייליק אין ארץ־ישראל, האָבן געשריבן אַ סך וועגן לאַנד. אַזוי האָבן געשריבן שלום אַש, יהואָש, אהרן צייטלין — און די פּובליציסטן מרדכי דאַנציס און גדליה בובליק. אין זייערע ארץ־ישראל שריפטן פילט מען דעם אָטעם פון דער צייט

## III

אַ צאָל יידישע שרייבער האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל נאָך מיט 80 יאָר צוריק. דער שרייבער אהרון ראובני (1886—1971) האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל אין 1910, משה סטאַווסקי (1884—1964) אין 1911, און י. ד. בערקאָוויטש (1885—1967) אין 1928. ז. ברכות (1886—1977) האָט זיך געהאַט באַזעצט אין ארץ־ישראל אין 1903, וואו ער האָט געלעבט אַ לענגערע צייט. דערנאָך זיך אומגעקערט ווי אַ מיטגליד פון יידישן לעגיאָן אין אַמעריקע. די לעצטע יאָרן האָט ער געלעבט אין ירושלים, וואו ער איז געשטאָרבן. זיי אַלע און אַנדערע וואָס כ׳האָב אפשר נישט דערמאָנט — האָבן אין ארץ־ישראל געשאַפן גאַנץ וויכטיקע ווערק, ראָמאַנען, דערציילונגען און לידער — אָבער די שרייבער האָבן זיך נישט געשטעלט קיין ציל צו שאַפן אַ יידישע ליטעראַטור אין ארץ־ישראל אָדער אויסקעמפן אַן אָרט פאַר אונדזער ליטעראַטור דאָרטן. ערשט אַנדערע שרייבער וואָס האָבן זיך באַזעצט אין לאַנד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָבן זיך באַמיט צו עטאַבלירן אַ פּאָזיציע דאָרטן פאַר יידיש און פאַר דער יידישער ליטעראַטור. דער געראַנגל איז געווען אַ ביטערער — און מען האָט געדאַרפט האָבן מוט, געדולד און כוח עפּעס אויסצופועלן. די טאָן־געבער פון דעם ישוב האָבן זיך דעמאָלט געשטעלט קעגן יעדן פּרואוו פון די ניי־אָנגעקומענע שרייבער צו שאַפן די מעגלעכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן וואָרט. מען האָט נישט געקאָנט אַרויסגעבן קיין יידיש צייטשריפט, און עס איז געווען אַפילו כמעט ווי אוממעגלעך דורכצופירן אַ יידישן ליטעראַרישן אָוונט. אָבער די יידישע שרייבער האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אין זייער געראַנגל — און דורך זייערע ראַנגלענישן און מיט דער שטיצע פון יידישע שרייבער און קולטור־טוער אין אַמעריקע, ווי אפרים אויערבאַך, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, א. לעיעלעס, ה. לייוויק, קענדזשערסקי, ב. שערמאַן, פּ. גאָלדמאַן — וואָס האָבן אין אַמעריקע באַשאַפן די „ליגע פאַר רעכט פון יידיש אין ארץ־ישראל" האָט זיך פּאָרט איינגעגעבן די דאָרטיקע יידישע שרייבער אַרויסצוגעבן פון צייט צו צייט יידישע זאַמלונגען, ביכער, אַראַנזשירן באַגעגענישן מיט יידישע לייענער — און אַזוי אַרום דעראָבערן אַן אָרט פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

אין 1928 איז אין ירושלים אַרויס אַ זאַמלונג „אָנהייב", מיט דער באַצייכענונג „זאַמלהעפט פאַרן יידישן וואָרט אין ארץ־ישראל". אין דעם פּראָגראַם־אַרטיקל האָבן די אַרויסגעבער דערקלערט:

„מיר, יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, פאַר וועמען דאָס פרייע אויסלעבן זיך אין דער יידישער שפּראַך אויף אַלע געביטן פון גייסטיקער קולטור און די באַפרידיקונג פון אונדזערע נשמה־נויטן איז יידיש... אַן אָרגאַנישע לעבנס־נויטווענדיקייט. מיר קענען נישט און וועלן זיך נישט אָפּשטעלן פאַר די גרעסטע מניעות, וואָס זאָלן אונדז שטיין אין וועג פאַר דער באַפרידיקונג פון די דאָזיקע נויטן אונדזערע".

אין זאַמלהעפט האָבן זיך באַטייליקט: י. פּאַפּירניקאָוו, י. צ. שאַרגעל, מנחם סטעמפּל און לייבל חיין־שמעוני. אין די לידער און דערציילונגען פילט מען די ארץ־ישראלדיקע אַטמאָספערע. אין זאַמלהעפט איז דאָ אַ נאָטיץ, אַז עס איז אַרויס אין תל אביב אַ זאַמלונג לידער פון מנחם סטעמפּל מיט אַ פאָרוואָרט פון דניאל לייבל. עס איז אויך דאָ אַ נאָטיץ וועגן בנימין רעסלערס ארץ־ישראלדיקן ראָמאַן „אויף אַלטער ערד". ער האָט געלעבט אַ קורצע צייט אין לאַנד. אַ ביסל שפּעטער, אין אַפּריל 1929, האָט דער ניי־געגרינדעטער „יידישער ליטעראַרישער און זשורנאַליסטן־קלוב אין ארץ־ישראל" אַרויסגעגעבן אַ שריפט פאַר ליטעראַטור און קונסט „איינס". דאָס איז שוין אַ מער סאָלידע אויסגאַבע, וואו חוץ די באַטייליקטע פון „אָנהייב" — באַטייליקן זיך נייע שרייבער: שמחה איזן, אברהם בליי־ציפורי, א. ריוועס, נ. ראַפּאַלקעס, דניאל לייבל און ש. פּיעטרושקאָ. דאָ איז דער תלמיד־חכם, אַלזייטיקער שרייבער און יידישער איבערזעצער פון דער משנה, אָפן און קלאָר אַרויסגעטראָטן פאַר יידיש אין ארץ־ישראל. ער האָט געפאָדערט אָפּשאַפן דעם פאַרבאָט פון יידיש דאָרטן און אַז מען זאָל איינפירן דעם לימוד פון יידיש אין די פאָלקס־שולן, כדי „זיי זאָלן פאַרשטיין די שפּראַך, קענען לייענען יידישער ביכער און אַזוי אַרום זיין בעסער פאַרבונדן מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן אין די גלות־לענדער". אַ פּאָר חדשים שפּעטער, יולי 1929, איז אַרויס נאָך אַ זאַמלהעפט אונטערן נאָמען „צוויי", וואו עס באַטייליקט זיך אַ גרעסערע צאָל שרייבער — און מען קאָן דער־

(סוף אויף זייט 15)

# שלום אַש וועגן וולאַדימיר מעדעם

אין „וועקער”, נומ׳ 1199, נאָוועמבער־דעצעמבער 1979, האָט משה כרפס פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן וולאַדימיר מעדעמען. ח׳ כרפס האָט אויך געשריבן וועגן „מעדעם אין אַמעריקע” און דערביי האָט ער דערמאָנט דעם אַרטיקל, וואָס שלום אַש האָט געשריבן נאָך מעדעמס טויט, און האָט דערביי ציטירט עטלעכע אויסצוגן פון דעם אַרטיקל. אַ צאָל לייענער האָבן זיך געווענדעט צום „וועקער” מיט דער ביטע אַז מיר זאָלן שלום אַשס אַרטיקל איבערדרוקן — וואָס מיר טוען גערן. דער אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס”, דעם 14־טן יאַנואַר 1923. מיר גיבן דאָ די אָפּהאַנדלונג. (— רעדאַקציע)

דער מאָדערנער ייד! דער מאָדערנסטער פון אונדז אַלע. דאָס אַלטע יידישקייט האָט אַרויסגעגעבן אירע פאָרשטייער, אירע אויסגעשטאַנענע טיפּן. רייף אין דעם ליכט פון דער יידישער אַלטער אמונה. אַ פּראָדוקט פון אַ טויזנט־יאָריקער קולטור. באַלאָדן מיט עטיק און יושר, מיט אַן אויסגעטראָטענעם וועג, וואָס ס׳האָבן אויסגעטראָטן דורות פאַר אים. גרייט יעדע מינוט פון זיין לעבן צו באַצאָלן מיט קידוש השם פאַר זיינע איבערציייגונגען, פאַר דעם אידעאַל פון זיין לעבן.

אַזוי איז געווען דער טיף־אַלטער ייד, וואָס די אַלטע יידישע אמונה האָט אַרויסגעגעבן, די אַלטע יידישע עטיק. אַ מהר״ם פון ראָטענבורג, אַ פּני יהושוע, אַ רב עקיבא איגער, אַ ווילנער גאון, אַ ר׳ חיימל בריסקער.

דער מאָדערנער ייד האָט נאָך קיין פאָרשטייער נישט אַרויסגעגעבן, מיר אַלע זענען פראַגמענטן. דער סינטעז פון דעם נייעם ייד איז נאָך נישט פאַרטיק ביזן היינטיקן טאָג, ער האַלט זיך ערשט אין אויסקאָכן. אייניקע פאָרלויפערס האָבן מיר געהאַט, טיפּן האָבן מיר אַרויסגעשטעלט, וואָס האָבן זיך מיט זייערע פערזענלעכקייטן געקאָנט מעסטן נישט נאָר מיט די שענסטע כאַראַקטערן, וואָס די וועלט האָט געשאַפן, נאָר אַפילו מיט די אַלטע יידישע העלדן פון דער יידישער אמונה. באַלאָדן זענען זיי געווען מיט אַ נייעם יושר און אַ נייער עטיק. און גרייט געווען פאַר איר צו גיין אויף קדוש השם, ווי די אַלטע יידן פאַר זייער אמונה.

אָבער קיינער פון די טיפּן, וואָס דאָס נייע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן איז נישט געווען אַזוי פאָלקאָם, אַזוי בולט און קלאָר און האָט נישט געטראָגן אויף זיך די כאַראַקטער־שטריכן און די עקשנותדיקע איינגעשטעלטקייט פאַר זייער אמת, האָט נישט געטראָגן אויף זיך די סימנים פון דער אַלטער יידישער התלהבות, ווי וולאַדימיר מעדעם.

דווקא אים, דעם פרעמדן, וועלכער איז געקומען צו גיין צו אונדז פון אַ פרעמדער היים, וואָס נישט דאָס קלאַפּן פון שול־האַמער האָט אים גערופן צו דאַווענען אין זיין קינדהייט, נאָר די פרעמדע קלאָגן־קלאַנגען פון דער קירכע, וואָס וואַרפן־אָן אַ שרעק אויף יעדן יידישן קינד; דווקא דעם פרעמדן איז באַשערט געווען צו שטיין פאַר אונדז אַלע ווי אַ משל, אַ פאָרשטייער, דער טיפּישסטער פון אונדז אַלע, און דער רייפסטער פון אונדז אַלע, און אַז מען וועט אונדז פרעגן וואוהין שטרעבט איר? מיר האָבן געקאָנט אייערע זיידעס, מיר קענען אייערע פאָטערס, וואו ווילט איר זיין? צו וועמען ווילט איר ענדלעך קומען? וואָס איז דאָס נייע, וואָס איר ווילט ברענגען? — וועלן מיר אָנווייזן אויף וולאַדימיר מעדעם.

און אפשר דווקא דערפאַר, וואָס ער איז געקומען פון דער פרעמד צו אונדז האָט ער נישט געהאַט יענעם ביטול, יענעם יאושדיקן, פאַראַכטענדיקן נעבעך־געפיל, וואָס מערסטע אונדזערע פירער האָבן, ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ צו די יידישע מאַסן. מיט זיין גאַנצער גרויס האָט ער זיך געגעבן אַ נויג פאַר דער יידישער פאָלקס־נשמה און ער האָט געזאָגט: „דיין שפּראַך איז מיין שפּראַך, דיין קולטור איז מיין קולטור”. נישט קיין פרעמדע קאַלטע ליכט איז ער געקומען ברענגען אין די יידישע קעלערס אַריין, נאָר ער איז געקומען זיך אָנוואַרעמען און באַלויכטן צו ווערן פון דעם ליכט און פון דער וואַרעמקייט, וואָס הערשט אין די יידישע אָרעמע קעלערס... דורך דעם האָט ער זוכה געווען צו דער גרויסער גדולה, צו זיין דער משל פאַר אונדז אַלע.

זיין גלויבן האָט ער געבויט אויף דעם יושר פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. דאָס איז געווען דער פעלזן־שטיין, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען. און די קייט, וואָס האָט אים פאַרבונדן מיט די מאַסן איז נישט געווען געקייטלט פון קיין אַנדער מאַטעריאַל ווי נאָר פון ליבע. ליבע איז געווען דאָס הערשנדיקע געפיל, וואָס האָט באַהערשט אַלע זיינע חושים, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די יידישע מאַסן; דורך דעם האָט ער כוחות געהאַט בייצושטיין נישט נאָר פרעמדע קעגנער, נאָר אויך אייגענע קעגנער, ווען זיי האָבן מיט שפּאָט און חוזק פאַרהאַלטן זיך צו אַלץ, וואָס די יידישע מאַסן האָבן אַרויסגעגעבן. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די יידישע נשמה, און דער פרעמדער האָט זי יאָ פאַרשטאַנען, ווייל דער פרעמדער האָט זי געליבט; ער האָט געליבט די יידישע אָרעמקייט, און דעם יושר פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. אויף יושר און אויף ליבע האָט ער געבויט זיין אמונה. ווער האָט זי געקאָנט צעשטערן? אויף דעם פעלזנשטיין איז ער געשטאַנען און ווי אַ צעפּאַנצערטער גיבור האָט ער געקעמפט פאַר דער שיינער יידישער פאָלקס־נשמה, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים, וואָס ער איז פול געוואָרן מיט איר ליכט. יושר און ליבע זענען געווען זיינע וואָפן. ווער האָט אים געקאָנט ביישטיין?

אָ, אַ פירשט און אַ העלד איז געפאַלן ביי יידן! אַ פירשט געאַדלט אין דעם פינצטערן יידישן קעלער, אַ העלד פון דער פאַרשעמטער, באַליידיקטער יידישער פאָלק־נשמה!

העלען העלפאַנט

# אַ נאַכט אַזאַ שטילע...

פון אַ באַזוך אין ישראל

אַ נאַכט אַזאַ שטילע מיט אַ ווינטל וואָס גלעט
און מורמלט אַ סוד דיר אין אויער אַריין.
אַ זילבערנער נעפּל אויף בוימער זיך שפּרייט
און טרינקט אָן די ערד מיט דופטיקן וויין.

פאַרוועבט ליגט אין טרוימען דער גאַנצער באַשאַף
אין דער לופט — ס׳הענגט דער סוד פון דער נאַכט;
אַלץ וואָס עס לעבט איז פאַרזונקען אין שלאָף,
פון וויטן — עס שימערט אַן אויג וואָס עס וואַכט...

הויך אין די הימלען, מאַיעסטעטיש געקליידט,
אויף אַ זיידענעם וואָלקן מיט שלווה באַזאַכט,
אין אַ מאַנטל פון סאַמעט מיט דיאַמאַנטן באַנייט,
שפּאַצירט זיך אַרום דער „פּרינץ פון דער נאַכט”.

מיט אַ גרויסן לאַמטערן פון זילבער געשטיקט,
ווי מיט אַ סצעפּטער אין האַנט דער „פּרינץ”
טוט באַלייכטן
די וועגן וואָס פירן צום אייביקן גליק...
וועגן געהיימע — אין אין־סוף באַהאַלטן...

שלום סודיט (נהריה)

# אליעזר שטיינבאַרג

1932—1880

אונטער דעם מצבה־שטיין
רוט דער גרויסער משלים־שרייבער.
אַ שטומע שטילקייט הערשט אַרום,
ס׳שווייגט דער קאַטאָוועס־טרייבער...

כ׳זע דעם גרויסן תלמיד־חכם
שטיינבערג אליעזר,
מיט די מילדע קינדער־אויגן
אונטער אויגן־גלעזער.

הערן אים געהאַט די זכיה
ווי ר׳לייענט זיינע משלים.
דאַכט זיך ערשט ניט לאַנג געווען
און היינט ס׳איז נאָר אַ חלום.

איך האָב געלייגט אויף זיין מצבה
אַ בינטל צאַרטע בלומען,
און געזאָגט מיר האָט מיין האַרץ —
אַהין כ׳וועל מער ניט קומען...

אין שלאָף אין אייביקן ער רוט —
פאַרענדיקט לאַנג דאָס שרייבן...
ניטאָ דער גרויסער פאַבוליסט מער,
וואָס זאָל קאַטאָוועס טרייבן...



# דער טראַדיציאָנעלער מאַי־„וועקער” באַנקעט פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

די טראַדיציאָנעלע ערשטע מאַי פייערונג און דער באַנקעט פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד איז פאָרגעקומען שבת, דעם 10־טן מאַי, 1980, 12.30 בייטאָג אין אַרבעטער רינג בנין, 45 איסט 33־טע גאַס, ניו־יאָרק, נ. י. דער יום־טוב איז געווען ספּעציעל געווידמעט 59 יאָר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און „וועקער”.

עס האָבן זיך באַטייליקט די פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, פאַראייניקטער וולאַדעק ברענטש, קלאָוק מאַכער ברענטש, טרעיד יוניאָן קאָמיטעט, אַרבעטער רינג דיוויזיע און פרויען קאָמיטעט, יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון אַרבעטער רינג, שטאָט קאָמיטעט אַרבעטער רינג, צענטראַלער שול קאָמיטע, אַ דעלעגאַציע טוערס פון אַרבעטער רינג „היים”, „פאָרווערטס אַסאָסיאיישאָן”, „דאָבעליו אי ווי די”, „סאָשעל־דעמאָקראַטס — יו־עס־איי”, יידישער אַרבעטער קאָמיטעט, „פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן”, „רי־יוניאָן אָף אָלד טיימערס”, „טשעלסי גאָלדען רינג קלוב”, אינטערנעשאָנעל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, דזשאָינט באָארד דרעס־רעינוועָר וואָירקערס יוניאָן — א.ל.ג.וו.י., ספּאָרט־אַלייד וואָירקערס דזשאָינט באָארד, לאָקאַל 1־35, לאָקאַל 10, לאָקאַל 22, לאָקאַל 25־23, לאָקאַל 40, לאָקאַל 48, לאָקאַל 66, לאָקאַל 91, לאָקאַל 105. דזשאָינט באָארד „אַמאַלגאַמייטעד טעקסטייל וואָירקערס יוניאָן.

אין אַ יום־טובדיקער שטימונג האָט פריינד משה פּעטרושקאַ, נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, געעפנט דעם פייערלעכן צוזאַמענקום. ער באַגריסט און באַדאַנקט די אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים פאַר זייער קאָאָפּעראַציע און הילף, צו קאָנען פאָרזעצן די אַרבעט פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער היינטיקער יום־טוב, ווען מיר פייערן מיט חשיבות, דורות יידישע סאָציאַליסטישע טעטיקייט, גיט אונדז אינספּיראַציע אָנצוגיין מיט דער אַרבעט אין דעם גייסט פון אונדזערע יידיש־סאָציאַליסטישע טרוימער און טוער.

ח׳ פּעטרושקאַ האָט ספּעציעל אויסגעדריקט צופרידנקייט וואָס אַזויפיל פאָרשטייער פון די יוניאָנס באַטייליקן זיך אין דעם היינטיקן יום־טוב. דאָס באַווייזט די טריישאַפט צו אונדזער סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

פר׳ פּעטרושקאַ בעט אַלעמען זיך אויפשטעלן און דערמאָנט מיט כבוד דעם אָנדענק פון אַ רייע פריינד וועלכע זיינען דעם יאָר אַוועק אין דער אייביקייט: מאָריס פּאָלין, בענדזשאַמין קאַפּלאַן, מאָריס באַגנאָ, בעקי קאָהען און טשאַרלס גראָסמאַן.

גליקצייטיק ווינטשט ער אַ רפואה שלימה צו די אַקטיווע טוערס — מאיר גאַנז, דזשעימס גלייזער און סעמועל ווינער אין מיאַמי.

ער באַגריסט אויך אַ פּאָר פריינד וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון פלאָרידאַ — די אַקטיווע טוערס מאַלי און יהושע פּאָגעל, גיטל און ישראל ציטרין.

אָנצופירן מיטן שיינעם יום טוב — שטעלט ער פאָר דעם באַקאַנטן געזעלשאַפטלעכן און טרעיד יוניאָן טוער, דעם פּאָרזיצער פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד — מאָרי גראָס.

פריינד גראָס באַדאַנקט פאַרן כבוד אָנצופירן מיטן שיינעם יום־טוב און דריקט אויס דעם וואונטש פון אונדז אַלעמען און די האָפענונג אַז מיר וועלן זיין בכוח אָנצופירן אונדזער יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעט לטובת דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דער פּאָרזיצער שטעלט פאָר דעם פּרעזידענט פון „פאָרווערטס” אַסאָסיאיישאָן — פריינד ישראל ברעסלאַו, וועלכער גיט אַ קורצן איבערבליק וועגן געשיכטלעכע דאַטעס אין 1980 — דהיינו „הונדערט יאָר יידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע”, „80 יאָר אַרבעטער רינג”, „80 יאָר אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן”, 83 יאָר „פאָרווערטס” און די ראָלע וואָס די אַלע אָרגאַניזאַציעס שפּילן ביז היינט אין דעם יידישן פאָלקס לעבן און ווי וויכטיק עס איז אַז מיר זאָלן כסדר אָנהאַלטן מיט חשיבות אונדזער יידישע קולטור־ירושה און דעם גלויבן אין אַ וועלט פון שלום, פרייהייט און דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

קורצע באַגריסונגען ווערן געהאַלטן פון: וויליאַם סטוירן, געוועזענער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג. ער באַגריסט דעם פאַרבאַנד וואָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ד״ר אליהו שולמאַן, רעדאַקטאָר פון „וועקער”, באַגריסט אַלעמען און דערמאָנט אַז אין 1981 פייערן מיר 60 יאָר „וועקער” און אַז עס ליגט אויף אונדז אַלעמען דער חוב צו העלפן דעם „וועקער”, וואָס גיט דעם טאָן צו אונדזער באַוועגונג, און וואָס איז אַ וויכטיקע טריבונע פאַר יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און קולטור.

עס האָבן אויך באַגריסט יהושע פּאָגעל, געוועזענער פּאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט און דער איצטיקער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד אין מיאַמי; שאול מאַלץ, סעקרעטאַר פון דעם צענטראַלן שול־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג; ריטאַ פרידמאַן, די איצטיקע עקזעקוטיוו־דירעקטאָרין פון „סאָשעל־דעמאָקראַטס — יו־עס־איי” באַגריסט אַלעמען און גיט איבער וועגן די פאַרצווייגטע טעטיקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע און די ראָלע וואָס זי קען שפּילן אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

דער פאַרזאַמלטער עולם האָט באַשאָנקען די אַלע געסט־רעדנער מיט וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן.

דער מוזיקאַלישער פּראָגראַם איז דורכגעפירט געוואָרן מיט פּאַסיקע לידער פון דער באַקאַנטער קינסטלערין סימאַ גאָרעצקאַיאַ און דעם יונגן אַרטיסט — וולאַדימיר זייטצעוו.

אין אַ געהויבענער שטימונג שליסט דער פּאָרזיצער מאָרי גראָס דעם שיינעם טראַדיציאָנעלן מאַי־„וועקער” באַנקעט מיט דעם וואונטש פאָרצוזעצן די אַרבעט לטובת דעם „וועקער” און דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

### ביישטייערונגען ביים מאַי־„וועקער” באַנקעט

$250 — ברענטש 4 אַרבעטער רינג — י. שמולעוויטש, פּאָרזיצער, בעס דובנאָ, סעקרעטאַר; אין אָנדענק פון ד״ר ש. סילווערבערג און דזשעק דובנאָ, אונדזערע געטרייע פירער.
$100 — טשעלסי גאָלדען רינג קלאַב — בעלאַ היימאַן, פּאָרזיצערין, מאַקס שוואַרץ, פינאַנץ סעקרעטאַר.
$100 — פאַראייניקטער וולאַדעק ברענטש — מאיר גאַנז, אָרגאַנייזער, שפרה גלאַדשטיין — פינאַנץ־סעקר.
$40 — רות און לואיס לעפּאָלד, איסטהאַמפּטאָן, מאַס.
$35 — דזשינעט און איזיק סיגעל.
$25 — לואיס סילווער, נעמי און שלמה פּאָגעלפאַנגער, ישראל און גיטל ציטרין, ד״ר אליהו שולמאַן.
$20 — מאיר מילער.
$15 — קלאַראַ ש. בערנשטיין, ריימאָנד געבינער, יהודית און שאול מאַלץ, מר. און מרס. מוסניקאָוו, לאָרעטאַ און אירווינג פּאָגעל, יעקב ב. ראָטהענבערג, מייפּל שייך, נ. דזש.
$10 — שפרה גלאַטשטיין, שמעון גליקמאַן, ליאָ און מילדרעד האָראָוויץ, ישראל און ראָוז ברעסלאַו, מר. און מרס. איזידאָר ווייסבלאַט, ען ווייצמאַן, ישראל זעלטמאַן, בעסי טאָמאַשאָוו, ריווע און חיים יאַניש, מאָטל דזשאַסעם, ישראל מי־

חשובע פריינט,

איך שיק אייך דאָ מיין ביישטייער פון 100 דאָלער פאַר דעם „וועקער” לכבוד שמואל ווייס, ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר זיין פיינעם אַרטיקל וועגן מיר, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער „צוקונפט”, וואָס האָט פאַרשענערט מיין שמחה.

אַ דאַנק אייך.

מיינע בעסטע וואונטשן פאַר מזל ברכה אין אייער אַרבעט.

אויפריכטיק, אייער,

תנחום ברייס
לאָס אַנדזשעלעס

דער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד און „דער וועקער”
באַגריסן האַרציק דעם יידישן קולטור־בויער
און פריינד פון „וועקער”

תנחום ברייס

צו זיין געבוירנטאָג.
און ווינטשן אים אַלדאָס גוטס.

משה פּעטרושקאַ,
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון
יידישן סאָציאַליסטישן פאַרב.

ד״ר אליהו שולמאַן,
רעדאַקטאָר פון „וועקער”

לער, מאָלי נוסבאַום, פּאַולין סוטין, וויליאַם סטוירן, מאָלי און יהושע פּאָגעל, אסתר צווימאַן, מר. און מרס. מאָריס ראַבינאָוויץ, מר. און מרס. מאיר ראַק, י. שמולעוויטש.

$5 — מרדכי גאָלדזאַמער, מאָרי גראָס, פיליס היימאָף, מערי זייאָן, טשאַרלס לעווין, סיידי נוירבין, דזשאָן סואַל, דזשעק סלאָוויק, סעמועל פּערעל, משה פּעטרושקאַ, ריטאַ פרידמאַן, סטעלאַ קאָפף, סעם ראָזען, בענדזשאַמין שאַפּיראָ, מר. און מרס. ר. שוואַרץ, בעס און מאַקס שוואַרץ.

$3 — סיליאַ ברייִלער.

$2 — פּאַולין קאָוואַלאָף, אַנאָנים.

$1 — ג. סעלעווסקי, אַנאָנים.

## פּאַראייניקטער וולאַדעק־ברענטש ביים יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

אַ פאַרזאַמלונג פון פאַראייניקטן וולאַדעק־ברענטש איז פאָרגעקומען שבת, דעם 26־טן אַפּריל, 1980, אין בנין פון אַרבעטער־רינג.

פאָרזיצער — מילער.

טאָג־אָרדענונג: פּראָטאָקאָל פאָרלייענען, באַריכט פון י. ציטרין, אַלגעמיינער באַריכט פון מ. פּעטרושקאַ, פאָרלעזונג פון ריווע יאַניש.

ח׳ פּעטרושקאַ עפנט אויף די פאַרזאַמלונג, באַגריסנדיק אַלעמען, ספּעציעל די ציטרינס צו זייער צוריקקער פון מיאַמי. ער דריקט אויס גרויס צער וואָס מאיר גאַנז איז נאָך אַלץ קראַנק.

דער פאָרזיצער מילער גיט איבער די טרויעריקע ידיעה, אַז בעקי קאָהן איז אַוועק אין דער אייביקייט. מען באַערט איר אָנדענק מיט אויפשטיין.

ח׳ פּעטרושקאַ איז מספּיד בעקין און גיט איבער אין קורצן עטלעכע שטריכן פון איר ביאָגראַפיע.

דעם פּראָטאָקאָל געלייענט און באַשטעטיקט.

ח׳ פּעטרושקאַ גיט איבער: די דאַטע פון באַנקעט דערנענטערט זיך. עס וועט זיין אַ גאַסט־רעדנער פון ס.ד.יו.עס.איי., באַגריסונגען פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס. עס ווערט באַטראַכט אַ זינגער אָדער זינגערין פאַרן מוזיקאַלישן טייל פון דער פּראָגראַם. דער „וועקער״ וועט אַוודאי אַרויסגיין דעם 10־טן אָדער 12־טן מאַי.

ער רעדט וועגן דער לאַגע אין ברענטש. שפרה גלאַדשטיין פאָרט אַוועק זיך באַזעצן אין טוסאָן, אַריזאָנאַ. פּעטרושקאַ שלאָגט פאָר, אַז דער ברענטש צוזאַמען מיט דעם פרויען־קאָמיטעט זאָלן מאַכן אַ לאָנטשאָן און זיך געזעגענען מיט שפרהן אויף אַ חשובן אופן.

ח׳ ישראל ציטרין גיט איבער אַ לעבעדיקן גרוס פון מיאַמי. אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר האָבן די ציטרינס און די פּאָגעלס געשאַפן אין מיאַמי אַ סך פריינט פאַרן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, דער עיקר פאַרן „וועקער״. ביי דער לעצטער אונטערנעמונג פון „וועקער״־באַנקעט זענען געווען איבער הונדערט מענטשן און ס׳איז געווען אַ דערפאָלג. די פּאָגעלס האָבן זייער טיכטיק געאַרבעט און צוגעגרייט דעם באַנקעט. עס קומט זיי באמת אַ האַרציקן ישר־כוח.

ישראל ציטרין גיט איבער אין קורצן ווי אַזוי עס ווערן דורכגעפירט זאַמלונגען אין מיאַמי פאַר פאַרשיידענע יידישע זשורנאַלן, וואָס ראַנגלען זיך פאַר זייער קיום.

ד״ר אליהו שולמאַן, רעדאַקטאָר פון „וועקער״, ווייזט אָן, אַז די רעזערוון פאַר אַרויסגעבן דעם „וועקער״ ווערן ביסלעכווייז אויסגעשעפּט און מען דאַרף באַצייטנס עפּעס טאָן וועגן דעם. ח׳ סלאָוויק לייגט פאָר זיך צו ווענדן צו די היגע שוועסטער־אָרגאַניזאַציעס. די דיסקוסיע וועגן דעם ענין האָט לאַנג אָנגעהאַלטן און אַלע פאָרשלאָגן וועלן באַטראַכט ווערן פון דער עקזעקוטיווע ביים ברענטש.

ריווע יאַניש האָט פאָרגעלייענט אַ פראַגמענט פון ש. אַשס טרילאָגיע „וואַרשע״ וועגן 1־טע מאַי דעמאָנסטראַציעס.

מיט קאַווע און צוביס האָט זיך די פאַרזאַמלונג געשלאָסן.

**ריווע יאַניש**, פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין

## מען זוכט די תנ״ך־איבערזעצונג פון יהואָשן

עטלעכע רוסישע יידן האָבן זיך געווענדט מיט אַ ביטע מען זאָל זיי שענקען אַ מתנה די יידישע איבערזעצונג פון תנ״ך פון יהואָשן. ווער עס האָט די איבערזעצונג און וויל זי שענקען ווי אַ מתנה קאָן עס שיקן צום יידישן קולטור־טוער ווילי שאָר, וועלכער וועט עס איבערשיקן. שאָרס אַדרעס איז:

LEIVICK KULTUR CENTER
WILLY SHORE, SECRETARY
724 SO. GENESSE AVE
LOS ANGELES, CALIFORNIA 90036



## העלפט דעם „וועקער״ אין אַ קריטישער צייט

**טייערע פריינד פון „וועקער״,**
**לייענער פון „וועקער״,**
**אַבאָנענטן פון „וועקער״,**

פיר דורות יידישע סאָציאַליסטן האָבן כסדר ממשיך געווען די אידעאַלן פון דעם יידישן דעמאָקראַטישן הומאַניסטישן סאָציאַליזם. דער „וועקער״ וואָס איז דער זשורנאַל פונעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד האָט די לעצטע 59 יאָר כסדר אָנגעהאַלטן מיט חשיבות די אידעאַלן פון אונדזערע ראשונים און מיט חשיבות פירן מיר דעם המשך פון אונדזער יידישער קולטור־ירושה.

מיר געפינען זיך אין אַ תקופה פון געענדערטע באַדינגונגען אין יידישן לעבן. טאָ ווי אַזוי קענען מיר פאַרזיכערן אַז דער „וועקער״ זאָל ווייטער פירן דעם המשך פון אונדזער יידיש סאָציאַליסטיש וואָרט?

די כסדרדיקע אינפלאַציע האָט שטאַרק פאַרגרעסערט די הוצאות פון אַרויסגעבן דעם „וועקער״.

מיר אַפּעלירן קודם־כל צו אַלע אַבאָנענטן פון „וועקער״ — באַצאָלט אייער חוב פאַרן יאָר 1979, און פאַר אייער אַבאָנעמענט פאַר 1980.

טייערע פריינד און חברים:

העלפט פאַרזיכערן דעם „וועקער״! זאָל דער אַפּיל נישט זיין אַ „קול קורא במדבר״. זאָל דאָס פרייע וואָרט פון „וועקער״ נישט פאַרשטומט ווערן.

באַצאָלט אייער חוב און לייענט אונדזער און אייער „וועקער״.

**דער סעקרעטאַר**



# די יידישע ליטעראַטור אין ישראל

(פאָרזעצונג פון זייט 11)

פילן, אַז ביסלעכווייז הויבט זיך אָן אַנטוויקלען אַ יידישע ליטעראַטור אויפן דאָרטיקן באָדן, נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט. אין דער זאַמלהעפט גופא איז פאַראַן אַ באַריכט ווי אַזוי די דערשיינונג פון „איינס״ האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן רעש און אויפרעגונג.

אין די דרייסיקער יאָרן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַרשיידענע זאַמלונגען ווי „שטאַמען״, „נייע שטאַמען״ און די וואָכנשריפט „ניי־וועלט״ — וואו עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן שריפטן פון פאַרשיידענע שרייבער; אַ צאָל פון די שרייבער האָבן זיך נישט אַנטוויקלט און זיי זיינען פאַרשוואונדן. אָבער אַנדערע האָבן זיך איינגעבירגערט — האָבן געשאַפן גאַנץ פיינע ווערק און האָבן געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור אין ארץ־ישראל.

די פּיאָנירן וואָס זיינען געבליבן אין ישראל האָבן זיך דאָרטן איינגעבירגערט און האָבן געשריבן וועגן דאָרטיקן לעבן. אַזוי האָט שמחה אייזן, וואָס האָט געשריבן אונטערן נאָמען יעקב שטאָל האָט אין זיין „חתונה אין קאַטראַ״ (1931) געשריבן וועגן לעבן פון די אַראַבישע אַרבעטער. מנחם סטעמפּל האָט געשריבן לידער וועגן שטיין־האַקער, וועגן די וואָס האָבן געגראָבן ברינעמער און וואָס האָבן געאַרבעט אין די פרדסים.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו האָט אין ישראל זיך אַנטוויקלט ווי אַ גאָר וויכטיקער פּאָעט. ער האָט געשריבן און באַזונגען די בויער פון לאַנד, וועגן זייערע פריידן און ליידן, מאַטערנישן און וועגן דעם געפיל אַז מען דערגרייכט עפּעס און אַז מען בויט אַ היים. אין ישראל האָט דער העברעאיש־יידישער פּאָעט א. ד. קאַמזאָן גראָד אַרויסגעגעבן אַ ביכעלע מיסטישע שירים אויף יידיש, מיט אַן אַריינפיר פון ניט קיין אַנדערן ווי פון דוד האָפשטיין, וואָס איז דעמאָלט געווען אין ארץ־ישראל און פון דאָרטן האָט זיך האָפשטיין אומגעקערט קיין רוסלאַנד כדי סטאַלין זאָל אים שפּעטער דערשיסן.

פון די פּיאָנערן דאַרף געוויס דערמאָנט ווערן לייב חיין־שמעוני, וואָס האָט געשריבן וועגן דעם לעבן אין ארץ ישראל. געשריבן האָט ער דערציילונגען און אַ ראָמאַן „טאָג־איין טאָג־אויס״. זיינע שאַפונגען האָט ער געדרוקט אין די פאַרשיידענע אויסגאַבעס וואָס עס זיינען אַרויס אין יענע יאָרן אין ארץ־ישראל — אָבער אין בוך־פאָרעם זיינען זיי אַרויס אין אַרגענטינע. פון זיינע שריפטן וואָס זיינען געשריבן אין אַ רעאַליסטישן נוסח קאָן מען באַקומען גאָר אַ גוט בילד וועגן די בויער פון ארץ־ישראל.

וויניק איז באַקאַנט דער שרייבער א. ריוועס, וואָס האָט אויך געשריבן וועגן לעבן אין ארץ־ישראל. זיין דערציילונג „איבערפלאַנץ״ איז אַ קינסטלערישע שאַפונג.

אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן זיינען געקומען קיין ארץ ישראל אַ גרעסערע צאָל שרייבער — וואָס אַ טייל איז געבליבן אין לאַנד — און אַ טייל האָט עמיגרירט. עס זיינען געקומען און עס זיינען געבליבן אין לאַנד די פּאָעטן יעקב צבי שאַרגעל, אברהם לעוו, אריה שמרי, דניאל לייבל, מאָניק לעדערמאַן. הן די פּיאָנירן, הן די וואָס זיינען געקומען שפּעטער — האָבן געהאָלפן לייגן דעם יסוד פאַר דער יידישער ליטעראַטור אין ארץ־ישראל — און זיי האָבן אָנגעשריבן וויכטיקע ווערק.

צווישן די וואָס האָבן זיך באַזעצט אין ישראל אין די צוואַנציקער יאָרן און דאָרטן געשאַפן, דאַרף ספּעציעל דערמאָנט ווערן י. ד. בערקאָוויטש. אין ישראל האָט ער אָנגעשריבן אויף יידיש די ראָמאַנען „באַגינען״, „מנחם מענדל אין ארץ־ישראל״, „אונדזערע ראשונים, זכרונות און דערציילונגען וועגן שלום עליכמען און זיין דור״. די דאָזיקע ווערק זיינען פריער געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס״ און זיינען שפּעטער אַרויס אין תל־אָביב אין בוך־פאָרעם. אין ישראל האָט ער אָנגעשריבן זיין קליינע מייסטערווערק „קינדער־יאָרן״ — וואָס איז אַרויס אין תל־אָביב אין 1970. די דאָזיקע אויטאָביאָגראַפיע האָט ער געשריבן צום ערשטן אויף העברעאיש און דערנאָך, חוץ דעם לעצטן קאַפּיטל, איבערגעשריבן אויף יידיש.

צווישן די יידישע שרייבער וואָס האָבן אַ געוויסע צייט געלעבט אין ארץ ישראל זיינען געווען א. אַיאַלטי, ז. ברכות, בנימין רעסלער און תלוש. זיי האָבן געשריבן וועגן ארץ־ישראל. אַיאַלטי האָט אָנגעשריבן דעם ראָמאַן „בום און קייטן — פּאַלעסטינער ראָמאַן״ (ווילנע 1936), ז. ברכות האָט אָנגעשריבן „אונטערן שאָטן פון חרמון״ (נ. י. 1918), „דער ירדן רוישט״ (וואַרשע 1937), בנימין רעסלער האָט אָנגעשריבן: „נאָכן גערעטעניש״, „אויף אַלטער ערד״ (ווילנע 1927), „דער וועג צו ישראל״ (פּאַריז 1950). דאָס איז דער ערשטער באַנד פון אַ טרילאָגיע. אַ שאָד וואָס די אַנדערע טיילן זיינען ניט אַרויס.

תלוש האָט אָנגעשריבן: „דער ים רוישט״, דערציילונגען (נ. י. 1921) און „דער בילבול, דראַמע אין דריי אַקטן, אַכט בילדער, פון דאָס לעבן פון די ערשטע חלוצים אין ארץ ישראל״ (געדרוקט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״, ניו יאָרק 1929).

עס קאָן זיין, אַז אַ טייל פון די אויסגערעכנטע ווערק האָבן די מחברים געשריבן אין ארץ־ישראל אָדער שוין אין אויסלאַנד, — אָבער די טעמאַטיק איז אַן ארץ־ישראלדיקע — און דעם מאַטעריאַל האָבן זיי געשעפּט פון זייער אייגענער דערפאַרונג. אגב, ז. ברכות האָט זיך מיט יאָרן שפּעטער אומגעקערט פון אַמעריקע קיין ישראל, און אין טיפן עלטער האָט ער אָנגעשריבן אַ צאָל גרויסאַרטיקע דערציילונגען וועגן ארץ ישראל אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס איבערראַשן מיט זייער פרישקייט. זיי זיינען געווען געדרוקט אין „ירושלימער אַלמאַנאַך״.

און דאָ פאָדערט זיך אַ פאַרגלייך מיט דעם מצב פון דער יידישער ליטעראַטור אין ישראל אין דער פּיאָנירן־תקופה, מיט דעם מצב פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע אין דער פּיאָנירן־עפּאָכע. די יידישע פּיאָנירן־שרייבער אין אַמעריקע זיינען געווען אינטים פאַרבונדן מיט דער סביבה און מיטן יידישן לייענער. עס איז געווען אַ קאָנטאַקט אי אַ פאַרשטענדעניש און אַ נאָענטקייט צווישן שרייבער און דעם עולם. מען האָט געלייענט און געזונגען די לידער פון יוסף באָוושאָווער, מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט, און ספּעציעל מאָריס ראָזענפעלדן. די לייענער האָבן אָפּגעשאַצט דאָס וואָס די פּאָעטן האָבן געשריבן פאַר זיי. זיי האָבן מיט פרייד אויפגענומען די דערציילונגען פון יעקב גאָרדין, ז. ליבין, לעאָן קאָברין און אב. קאַהאַן. מען האָט די דערציילונגען געלייענט און דיסקוטירט. אין די שעפּער, אין דער היים און אין די הייסע נעכט אויף די דעכער פון די טענעמענט־הייזער האָט מען געשמועסט או דיסקוטירט די נייעסטע דערציילונגען פון לעאָן קאָברין, ספּעציעל אַזעלכע דערציילונגען ווי „באַקונין״, „קאַרל מאַרקס״ (1897), וואו ער שרייבט וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען.

אין אַ גאַנץ אַנדער אַטמאָספערע האָבן געשאַפן די פּיאָנירן פון דער יידישער ליטעראַטור אין ארץ ישראל. די אָנפירער פון ישוב האָבן זיך באַצויגן מיט פיינדשאַפט צו יידיש און צו דער יידישער ליטעראַטור. מען האָט די יידישע שרייבער גערודפט. מען האָט זיי ניט געלאָזן אויפהויבן דעם קאָפּ. עס איז זיי אָנגעקומען שווער עפּעס אָפּצודרוקן אין לאַנד גופא. עס איז כמעט ווי ניט געווען קיין קאָנטאַקט מיט יידישע לייענער.

דער יידישער ישוב איז דעמאָלט באַשטאַנען פון גאָר פרומע, וואָס האָבן טאַקע גערעדט יידיש, געלערנט אויף יידיש און געלייענט רעליגיעזע פאָלקס־מעשיות און די עברי־טייטש באַאַרבעטונגען פון פאַרשיידענע רעליגיעזע ווערק. די פרויען האָבן געלייענט דעם טייטש־חומש, תחינות און מעשיות — אָבער קיין אינטערעס פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז אין יענע קרייזן ניט געווען. די חלוצים, די ציוניסטן פון די פאַרשיידענע ריכטונגען, זיינען געקומען מיט אַן אידעאָלאָגישער איינשטעלונג פאַר העברעאיש און מיט אַ קעגנערשאַפט צו יידיש — במילא האָט די יידישע ליטעראַטור אין יענע קרייזן ניט געהאַט קיין לייענער און ניט קיין אָפּרוף, — עס זיינען געווען אויסנעמען ווי צווישן די לינקע פועלי־ציון — און פשוטע פאָלקס־מענטשן. אָבער — קיין אמתע סביבה פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז ניט געווען. עס איז דעריבער צו באַוואונדערן דעם אידעאַליזם פון די פּיאָנירן, וואָס ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און שטרויכלונגען האָבן זיי דאָך געשאַפן ווערק און צוגעגרייט אַן אָרט דאָרטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

IV

אַ נייע תקופה אין דער ארץ־ישראלדיקער יידישער ליטעראַטור הייבט זיך אָן נאָך דער מלחמה. אין יענער צייט זיינען אָנגעקומען אין לאַנד הונדערטער טויזנטער יידיש־רעדנדיקע יידן, די גרעסטעוועטע פון די לאַגערן, און צווישן זיי אַ צאָל יידישע שרייבער — וואָס האָבן פאָרגעזעצט זייער יידיש שרייבן. אמת, אַז ניט אַלע יידישע שרייבער וואָס זיינען אָנגעקומען ערב, בשעת דער מלחמה — און נאָך דער מלחמה האָבן זיך געשטעלט דעם ציל צו שאַפן דאָרטן אַ צענטער פאַר דער יידישער ליטעראַטור. עס האָט נאָך אַלץ געפעלט דער באַוואוסטזיניקער ווילן, אָדער די

אידייע פאַר אַ יידישער ליטעראַטור. ביסלעכווייז, קומט־אויף אַזאַ ווילן — און פון די איינצלנע שרייבער שאַפט זיך אַ קאָלעקטיוו — און ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען, אַנטוויקלט זיך דאָרטן אַ ספּעציפישע יידישע ליטעראַטור מיט אַן אייגענעם טאָן און אַראָמאַט.

דערווייל האָבן יידישע שרייבער געהאַלטן אין איין קומען אין לאַנד. עס זיינען געקומען שרייבער פון פוילן, נאָך דעם גירוש פון 1968, עס זיינען געקומען שרייבער פון אַרגענטינע, בראַזיל און פון אַמעריקע. — און שפּעטער איז אָנגעקומען אַ גאָר גרויסע גרופּע פון רוסלאַנד — וואָס האָט מיטגעבראַכט אימפּעט און נייגעריקייט — און דעם ווילן צו דעריאָגן און גוטמאַכן די פאַרלאָרענע צייט אין רוסלאַנד. די נייע אימיגראַנטן אָדער עולים האָבן באַשאַפן אַ סביבה, אמת, אַ גאַנץ באַגרענעצטע — פאַר דעם יידישן שרייבער, לייענער און דער ליטעראַטור.

אין ישראל געפינען זיך אַצינד אַרום הונדערט און פופציק יידישע שרייבער. עס זיינען נאָך דאָ, אויף לאַנגע יאָרן, די פּיאָנערן ווי יוסף פּאַפּיערניקאָוו, יעקב צבי שאַרגעל. עס זיינען דאָ שרייבער וואָס זיינען געקומען גלייך נאָך דער מלחמה. און די, וואָס זיינען געקומען לעצטנס פון רוסלאַנד. די מערסטע יידישע ביכער, וואָס עס דערשיינען די לעצטע יאָרן, און דאָס שליסט איין פון מחברים, וואָס וואוינען אין די פאַרשיידענע תפוצות — גייען אַרויס אין ישראל. עס גייען אַרויס דאָרטן די סאָלידע צייטשריפט „ביי זיך" און „די גאָלדענע קייט", רעדאַקטירט פון אברהם סוצקעווער. „ביי זיך" ווערט רעדאַקטירט פונעם עסייאיסט, פּאָעט און קריטיקער יצחק יאַנאַסאָוויטש. ביז לעצטנס האָט „ביי זיך" געדרוקט נאָר זאַכן פון ישראלדיקע שרייבער, אָבער אַצינד דרוקט מען דאָרטן אויך שאַפונגען פון יידישע שרייבער, וואָס וואוינען אין אַלע לענדער — און אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע טריבונע פאַר דער יידישער ליטעראַטור. אין ירושלים גייט אויך אַרויס דער „ירושלימער אַלמאַנאַך", וואָס גיט אַ געלעגנהייט די ישראלדיקע יידישע שרייבער צו פאַרעפנטלעכן זייערע ווערק.

יידישע שרייבער שרייבן אין ישראל אי פּאָעזיע אי פּראָזע. ווי אין יעדער ליטעראַטור, און ווי אין יעדן יידישן ליטעראַרישן צענטער, געפינען זיך דאָרטן וויכטיקע שרייבער פון פאַרשיידענע גראַדן טאַלאַנט. און יעדער איינער גיט זיין צושטייער לויט זיין טאַלאַנט און מיגלעכקייטן — און אַלע צוזאַמען האָבן זיי עטאַבלירט ישראל ווי איינעם פון די הויפּט־צענטערס פאַר דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור.

ביי אַ צאָל פּראָזע־שרייבער, וואָס וואוינען אין ישראל פאַרנעמט די ישראלדיקע טעמאַטיק אַ גאָר וויכטיקן אָרט: אין לידער, דערציילונגען, נאָוועלן און ראָמאַנען — קומט צום אויסדרוק דאָס לעבן פון די יידן אין דער יידישער מדינה. עס זיינען דאָ ווערק וועגן לעבן אין שטאָט, אין די קיבוצים. עס זיינען דאָ בילדער פון די שוועריקייטן ביים צוגעוואוינען זיך צום לאַנד, קלימאַט, סביבה — און ווי אַזוי מען קומט איבער די שוועריקייטן. עס זיינען דאָ ווערק וועגן די מלחמות און וועגן די טאָגטעגלעכע ראַנגלענישן — באַשריבן וואָרהאַפטיק און רעאַליסטיש. אין געוויסע ווערק קומט אויך צום אויסדרוק די ליבע צום לאַנד — און די פרייד פון געפינען דאָרטן אַן אייגענעם ווינקל. אָבער די שרייבער באַגרעניצן זיך ניט נאָר מיטן לעבן אין ישראל, זיי שרייבן וועגן יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, וועגן דעם געראַנגל פאַר עקסיסטענץ אין רוסלאַנד אונטער דער הערשאַפט פון קאָמוניזם, וועגן דעם חורבן — און דעם טראַגישן סוף פון דעם יידישן ישוב אין פוילן. סיי דורך די ווערק וועגן ישראל, סיי דורך די ווערק וועגן יידישן לעבן אין אייראָפּע, און אין די אַנדערע לענדער — איז דאָ אַן אינטעגראַלע פאַרבינדונג צווישן דער יידישער ליטעראַטור און ישראל מיט דער יידישער ליטעראַטור אין די אַנדערע לענדער וואו זי ווערט באַשאַפן.

מיר האָבן דאָ ניט דערמאָנט קיין נעמען פון ביכער און פּראָזע־שרייבער — ווייל אויסרעכענען און כאַראַקטעריזירן יעדן שרייבער באַזונדער איז ניט מיגלעך אין איין אַרטיקל אָדער רעפעראַט. מיר וועלן דאָ דערמאָנען דעם פאַרשטאָרבענעם מענדל מאַן, וואָס האָט געלעבט אַ לענגערע צייט אין ישראל און האָט אָנגעשריבן עטלעכע פּראָזע־ווערק וואָס גיבן זיך אָפּ מיטן לעבן און מיט די ראַנגלענישן אין ישראל.

אין לאַנד זיינען אויך שעפעריש־אַקטיוו אַ צאָל יידישע ליטעראַטור־קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער, ווי יצחק יאַנאַסאָוויטש, דב סדן, ל. פּאָדריאַטשיק און שמעון קאַנץ.

מיר מוזן דאָ אויך דערמאָנען נאָך אַן ענין. אין מיינעם אַן אַרטיקל וועגן די יידיש־קורסן אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן („פאָרווערטס", אַפּריל 6, 1980) האָב איך דערמאָנט אַז צוליב דעם ניט־געשריבענעם געזעץ אין די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן — „פּובליקיר אָדער גיי אונטער" — גיבן זיך אָפּ די פּראָפעסאָרן, ניט נאָר מיט לערנען — נייערט אויך מיט שרייבן. גוט צי שלעכט — זיי שרייבן וועגן זייער ספּעציאַליטעט. די פּראָפעסאָרן פון העברעאיש אין די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן שרייבן און פּובליקירן אין העברעאיש — און זיי דרוקן זיך סיסטעמאַטיש אין „הדואר" און „בצרון". אָבער די יידיש־פּראָפעסאָרן, און דאָס שליסט שוין איין אויך די פּראָפעסאָרן פון די מאַקס ווײַנרייך קורסן ביים ייוואָ, באַקאַטירן, ווי עס ווייזט אויס, אָפיציעל יידיש און שרייבן נאָר אויף ענגליש. (עס איז דאָ אפשר איין אויסנעם, ד"ר דוד ראָסקעס). אָבער גראָד אין ישראל איז דער מצב אַ ביסל אַנדערש. אין העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים לערנט מען יידיש און די יידישע ליטעראַטור. די אַטמאָספערע אין ירושלימער אוניווערסיטעט פאַר יידיש און פאַר דער יידישער ליטעראַטור — איז ניט צו פריינדלעך — אָבער גראָד שרייבן די ירושלימער פּראָפעסאָרן פון יידיש — חוץ אויף העברעאיש, אויך אויף יידיש. דב סדן, דער ערשטער פּראָפעסאָר פון יידיש אין ירושלימער אוניווערסיטעט, איז אַ יידישער שרייבער — און ער האָט מיט זיין יידיש שרייבן באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור. יחיאל שיינטוך, ש. ווערסעס, חוה טורניאַנסקי און אַפילו חנא שמערוק שרייבן פון צייט צו צייט אויף יידיש. אַן אַבסאָלווענטן פון דער יידיש־קאַטעדרע ביים ירושלימער אוניווערסיטעט — אַנאַ דרעסנער — האָט איבערגעזעצט אויף יידיש צוויי דערציילונגען וואָס שלום עליכם האָט געהאַט געשריבן אויף רוסיש.

מיט זעקס און פערציק יאָר צוריק, צו זיין פינקטלעך, דעם 25סטן מאַי 1934, האָט חיים זשיטלאָווסקי פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין „טאָג" — „יידיש אין ארץ־ישראל", וואו ער האָט גערעדט וועגן דעם ווי אַנדערש עס וואָלט געווען ווען ארץ־ישראל „וואָלט געבויט געוואָרן ניט אין העברעאיש נאָר אין יידיש". זשיטלאָווסקי האָט געשריבן:

„פאַראיינהייטלעכט און גייסטיק געקרעפטיקט דורך דער אייגענער קולטור אין דער אַלוועלטלעך־יידישער שפּראַך, אין יידיש, וואָלטן די יידישע פאָלקס־מאַסן אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שלאָף פון דורות. זיי וואָלטן אויפגעוועקט געוואָרן צו דעם פאַרשטענדעניש פון זייער אַבנאָרמאַלער לאַגע, ווי אַ פאָלק וואָס לעבט ניט פון זיין אייגענער פיזישער אַרבעט, וואָס ציט ניט זיין חיונה אין דער ערשטער ליניע דירעקט פון דער נאַטור. עס וואָלטן פאַר זייערע אויגן קלאָר אויפגעלויכטן די צוויי אויפגאַבן זייערע: דער איבערבוי פון זייער עקאָנאָמישער עקסיסטענץ אויף די יסודות פון אַרבעט בכלל און ערד־אַרבעט בפרט; דער איבערבוי פון זייער גאַנצן קולטורעלן לעבן אויף די יסודות פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן־רעכט, וואָס זיינען דער עיקר די אַנערקענטע רעכט פאַר דער אייגענער פאָלקס־שפּראַך."

זשיטלאָווסקי האָט פאָרגעזעצט:

„יאָ, משמעות ניט באַשערט געווען דער אויפבוי פון ארץ־ישראל זאָל זיך האָבן אָרגאַניש צונויפגעגאָסן מיט די וויכטיקסטע רעאַלע לעבנס־נויטן פון די גרויסע פאָלקס־מאַסן אומעטום. דער ציוניזם איז אַרויסגעוואַקסן פון אַסימילאַטאָרישע און משכילישע קרייזן, אָנגעזאַפּטע מיט האַס און ביטול צו יידיש, און ער איז אַוועקגעגאַנגען אויף דעם וועג, אויף וועלכן ער גייט".

חיים זשיטלאָווסקי האָט אָבער ניט פאַרלוירן די האָפענונג און ער ענדיקט:

„די קעגנוואַרט איז קיין מאָל ניט אַ פּסק אחרון פאַר דער צוקונפט. די צוקונפט איז גראָד די ממשלה פון די גרויסע מעגלעכקייטן. פון די מענטשלעכע ווילנס הענגט דאָס אָפּ, די אָדער יענע גרויסע מעגלעכקייט זאָל ווערן אַ קעגנוואַרט. טאָר מען ניט פאַרלירן די האָפענונג אויך אויף אַ יידישיסטישן ארץ־ישראל.**

די האָפענונג פאַר אַ יידישיסטישער ארץ־ישראל איז ניט מקוים געוואָרן — אָבער ישראל ווי אַ צענטער פאַר דער יידישער קולטור און פאַר דער יידישער ליטעראַטור — איז אַצינד אַ פאַקט — און לאָמיר האָפן אויף לאַנגע יאָרן.

** חיים זשיטלאָווסקיס אַרטיקל איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין „די פעדער", האַרבסט 1934.